


# ארבסט

לידער

פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל"
מאָסקווע. 1978

С(Евр)2
Д 74

די דיכטערישע זעונגען פונעם אויסגעצייכנטן ייִדישן פּאָעט שיקע דריז (1971—1908) האָט זיך דערנערט פון פארשיידענע קוואלן. בא אים וועט דער לייענער געפינען בילדער, וואָס זײַנען גענומען געוואָרן פון דער רעאלער ווירקלעכקײַט, ווי אויך בילדער, וואָס זײַנען אופגעקומען פון זײַנע ראָמאנטישע טרוימען.

אין דער דאָזיקער זאמלונג זײַנען אין גרונט אײַנגעשלאָסן לידער, וואָס דער דיכטער האָט אָנגעשריבן אין די לעצטע יאָרן פון זײַן לעבן.

כאראקטעריסטיש קימאט פאר אלע זײַנע ווערק איז די אומדערווארטקײַט פונעם פארטראכט, די אומדערווארטע בילדערישקײַט, דער הארציקער ליריזם, וואָס פלעכט זיך אף א דינעם אויפן איבער מיטן דיכטערס בירגערלעכן פּאטאָס.

Д $\frac{70403—270}{083(02)—78}$ 304—78

## לעוו אָזעראָוו

# שיקע דריז און זײַן דיכטונג

ער איז געווען גראָוו. אף דער גאַס, אין שטוב, בא א געדעקטן טיש — שטענדיק האָב איך געזען דעם דאָזיקן מענטשן א פאַר־קלערטן, א פאַרטיפטן אין זיך. מיר האָט זיך געדאַכט, אז ער איז איינזאַם. איך וואָלט באַשטאַנען אף דער האַשאָרע, ווען איך זאָל ניט געווען לייענען די ביכער פון שיקע דריזן, ניט געהאַט געהערט זײַנע דורכגעטראַכטע און, ווי מיר האָט זיך געדאַכט, טרויעריקע פאַרלע־זונגען. איך זאָג „טרויעריקע״, נאָר פּינקטלעכער וואָלט געווען זאָגן „מעלאָדישע״, „זינגעוודיקע״, ווײַל אין גרונט פון דער שעפערישער מעטאָדיק פון דעם דאָזיקן מענטשן איז געלעגן די פאָלקסליד און די פאָלקס־פאָרשטעלונג וועגן לעבן, וועגן דער וועלט.

שיקע דריזס לידער האָבן מיר באַוויזן, אז אף צו באַשאַפן זיי איז נייטיק געווען, אז דער געדאַנק זאָל קעסיידער אַרבעטן, אז דער דיכטער זאָל שטענדיק אין זינען האָבן זײַנע פאַרטראַכטן, און פאַר־טראַכטן האָט ער געהאַט א שלאַל. זיי האָבן געשטויסן איינס דאָס אַנדערע. וועגן דעם קאָן מען ט־ילווײַז מישפּעטן לויט דער שעפע־רישער יערושע זײַנער, דאָס הייסט לויט די פאַרווירקלעכטע פאַר־טראַכטן, לויט די ביכער, קליינע און גרויסע, לויט די דערינערונגען פון די מענטשן, וועלכע האָבן געקענט דעם פּאָעט, באַגעגנט זיך מיט אים און, ווי איך, אופמערקזאַם און מיט אינטערעס געהערט אים.

איין טייל פון דעם, וואָס דריז האָט אָנגעשריבן, געהערט דעם

דערוואקסענעם לייענער. דער צווייטער טייל איז אדרעסירט די קינדער, דעריקער די פֿאַרשול־קינדער, די פּילצאַליקע און זייער דאנקבארע לייענער, ריכטיקער געזאָגט — צוהערער, ווײַל צו זיי דערגייט דאָס וואָרט פֿונעם דערציִערס מויל, פֿונעם מויל פֿון זייערע עלטערן. לויט דער אַלגעמיינער אנערקענונג, האָט שיקע דריז צושטײַער געבראכט אין דעם דאָזיקן ביז גאָר שווערן און נאָבעלן געביט פֿון דער ליטעראטור, אין דער ליטעראטור פֿאר פֿאַרשול־קינדער, זײַן באזונדערן אויצער און דאָ האָט דער דיכטער דעראָבערט זײַן באזונדער אָרט, וואָס געהערט בלויז אים. נאָר אויך דער דערוואקסענער לייענער געפֿינט באם דיכטער א גרויסן מאטעריאל אַף צו דענקען. צוליב דעם, אז דער דאָזיקער אויצער זאָל באוויזן ווערן און ווערן אָפּגעשאצט, דארף מען פֿריִער פֿאר אַלץ וויסן, וואָס פֿאר א לעבן האָט דער דיכטער דורכגעמאכט.

שיקע דריז איז געבוירן געוואָרן דעם 16 מײַ 1908 יאָר אַף אוקראִינע, ניט ווײַט פֿון וויניצע, אין שטעטל קראסנע. דער פֿאָטער זײַנער איז געשטאָרבן מיט עטלעכע כאדאָשים פֿאר זײַן געבוירן ווערן. אָט פֿארוואָס ער האָט זיך דערצויגן באם זיידן. דער זיידע איז געווען א ציגען־מײַסטער פֿון קעסלען, א באלמעלאָכע, וועלכער האָט געלעבט צווישן באלמעלאָכעס, צווישן מענטשן פֿון טאָגטעגלעכער פּראצע, מענטשן מיט געניטע הענט. פֿון קלייגוויַיז אָן איז שיקע דריז פֿארקאָכט געווען אינעם קישעף פֿון די מענטשלעכע גאָלדענע הענט. שפּעטער וועט דאָס פּאָעטיזירן פֿון פּראָפֿעסיעס ווערן איינע פֿון די גרונט־שטריכן אין דריזס שאפֿונג. ער וועט באזונגען א בעקער און א מולער, א מוזיקאנט און א שנײַדער, ער וועט דערציילן, פּונקט ווי דזשאני ראָדארי, וויִאזוי און מיט וואָס עס שמעקן פּראָפֿעסיעס.

פֿון אָנפֿאנג האָט שיקע דריז זיך געלערנט בא א מעלאמעד, בא א מענטשן, וואָס האָט געקענט ייִדיש, דערנאָך האָט ער פֿארענדיקט די שול, וואָס האָט זיך געעפֿנט אין קראסנע. נאָכן פֿארענדיקן די שול איז ער אוועקגעפֿאָרן קיין קיִעוו, ווו ער איז ארײַנגעטראָטן אין א קונסט־שול, איינצײַטיק האָט ער געארבעט אפֿן באוווסטן זאוואָד „ארסענאל”. דער מעכאבער פֿון די דאָזיקע שורעס האָט אויך געהאט די ערע צו ארבעטן אין די דרײַסיקער יאָרן אַף דעם דאָזיקן לעגענדארן זאוואָד, די ווענט פֿון וועלכן עס זײַנען צעלעכערט פֿון קוילן

פון די סאָנים פון דער רעוואָליוציע. אף דעם דאָזיקן זאוואָד האָבן מיר זיך מיט דריזן ניט באגעגנט, איך האָב א סאך שפּעטער זיך דערוווּסט, אז ער האָט דאָרט געארבעט. כ'האָב זיך אויך דערוווּסט, אז דער ארבעטער און קינסטלער האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין שיקע דריזן, און די דאָזיקע צונויפשמעלצונג איז אָפּגעשפּיגלט געוואָרן אין זײַנע לידער און פּאָעמעס.

געשריבן האָט ער זײַנע ווערק אף ייִדיש, אף דער שפּראך פון זײַן זיידן, און פארפולקומט די שפּראך לויט פארשיידענע ביכער. די פאָלקסטימלעכע ייִדישע זינגעוודיקײַט, די מײַסעדיקײַט, פאנטאַסטישקײַט, דער בילדערישער געבוי פונעם לאָשן האָבן אָנגעפילט דעם דיכטערס נעשאָמע. דאָס אלץ האָט ער באהערשט, פארדײַעט אף אַן אייגנארטיקן אויפן און אויך אייגנארטיק אויסגעדריקט.

אין 1930 יאָר איז דערשינען זײַן ערשטע לידער־זאמלונג „ליכטיקע וואָר", און אין 1934 — די צווייטע זאמלונג „שטאָלענער קויעך". אין דעם דאָזיקן יאָר האָט זיך אָנגעהויבן שיקע דריזס בײַגרענעץ־דינסט אינעם אוקראַיִנישן מיליטער־קרײַז. דאָרט האָט ער געדינט פיל יאָרן. די גרויסע פאָטערלענדישע מילכאָמע האָט שיקע דריז געטראָפן אין דער זעלבער מיליטערישער בײַגרענעץ־טייל.

ביסלעכווײַז האָט אין דער נעשאָמע פונעם דיכטער זיך אָנגעזאמלט לעבנס־דערפארונג. אים האָט זיך געוואָלט שרײַבן און שרײַבן, נאָר פולשטענדיק זיך אָפּגעבן דער ארבעט איבער דער ליד איז ניט מעגלעך געווען. נאָך דעם, ווי דריז האָט זיך אין 1947 יאָר דעמאָביליזירט, האָט ער געטעסעט מארמאָר, געקלעפּט.

זײַנע געוווינהײַטן אלס קינסטלער און סאָלדאט, ארבעטער און דיכטער האָבן געפירט צו רײַפער שעפערישקײַט. דאָס לעבן האָט דעם דיכטער ניט געבאלעוועט. ערשט אין 1960 יאָר, ס'הייסט אין דער עלטער פון העכער פופציק, האָט דריז ווידער אָנגעהויבן ארויסלאָזן זײַנע ביכער אף ייִדיש און אין דער איבערזעצונג אף די שפּראכן פון די פעלקער פונעם סאָוועטנפארבאנד און אף אויסלענדישע שפּראכן. אף זײַנע טעקסטן שרײַבן קאָמפּאָזיטאָרן געזאַנג מוזיק, לויט זײַנע פיעסן זײַנען געמאכט געוואָרן מולטפילמען, און די טעאַטערן פאר קינדער האָבן באוויזן דעם ספּעקטאקל „די זילבערנע קוזניע", וועלכע ווערט געשטעלט ביז אצינד. זײַנע שורעס זײַנען, אומדערוואַרט פארן אוטאָר זעלבסט, ארײַן אין דער אנטאָלאָגיע פון

די בעסטע מײַסע־שרײַבער פֿון דער וועלט. קורץ גערעדט — דער נאָמען פֿון דעם פּאָעט ווערט ברייט באַוווּסט, באַזונדערס ווערט ער באַוווּסט און באַליבט אין דער קינדער־אאודיטאָריע. דער פּאָעט האָט עס געפֿילט און געוווּסט. און ער אײַלט זיך צו ענטפֿערן די לייענער מיט נײַע ביכער, אָבער פֿיל פֿון זײַנע פֿאַרטראַכטן איז ניט באַשערט געווען פֿאַרווירקלעכט צו ווערן — ס'האָבן ניט געסטײַעט קיין יאָרן. ס'האָט זיך אָפּגערופֿן די שטענדיקע אָנגעשטרענגטקײַט, דאָס שטענדיקע אינערלעכע פֿײַער, די לאַנגיאָריקע שלאָפֿקײַטן.

דעם 14 פֿעוורואַל פֿון 1971 יאָר איז שיקע דריז געשטאָרבן. ער האָט אונדז איבערגעלאָזט אַלס ירושה זײַנע האַרציק־דורכדרינגעוו־דיקע ווערק.

קעדייִ צו שרײַבן וועגן דיכטער, דערלערנען אים, איז נייטיק אַרײַנדרינגען אין דעם לאַנד פֿון זײַן שאַפֿן. און ער האָט דאָס לאַנד באַשריבן מיט אַ באַזונדער מין פֿרייד. דאָס דאָזיקע אומגעווײנלעכע לאַנד איז דאָס לאַנד פֿון זײַן קינדהײַט.

דאָס הייליקע לאַנד
דאָס פֿילקאָליריקע.

און די אויפֿגאַבע פֿונעם דיכטער איז וואָס לענגער פֿאַרהאַלטן דעם מענטשן אין דעם דאָזיקן פֿריידיקן לאַנד. שמועסנדיק מיטן לייע־נער — מיטן פֿאָרשול־קינד, מיט זײַן קלייניקן פֿרײַנט, איז שיקע דריז קיינמאָל ניט סענטימענטאַל, קיינמאָל סיוסיוקעט ער ניט — ער קאָן ריידן מיט זײַן לייענער, זײַן פֿרײַנט האַרציק, ערנסט, ווי מיט זײַנס אַ גלײַכן. און די קינדער פֿון פֿאָרשול־עלטער פֿאַרשטייען אים מאָמענטאַל, דערפֿאַר זײַנען אַזוי לאַקאָניש זײַנע לידער, דערפֿאַר זײַנען זיי פֿרײַ פֿון אומנוצלעכער קאָמענטאַטאָרישקײַט, דערפֿאַר ווערט דאָס געווײנלעכע אין די דאָזיקע לידער אומגעוויינלעך און דאָס אומגעוויינלעכע ווערט רעאַל.

אוואַדע איז דריז אַ ליריקער, נאָר זײַן ליריזם איז ניט צעפֿלאָסן, ער איז אַרײַנגענומען אין די ברעגן פֿון דערציילערישקײַט. באַזירנ־דיק זיך אויף יידישן פֿאָלקלאָר, אויף די מײַסעס און מעשאָלים פֿון אַנדערע פֿעלקער, האָט דריז פֿאַנאַנדערגעאַרבעט און אַרײַנגעבראַכט אין אונדזער ליטעראַטור די לירישע דערציילערישקײַט, דאָס מײַ־סעלע, ניט קיין דידאַקטיש, אָן שום אָנדײַטן. ווי מיט אַ פּונקטיר —

דין און פארבײַגייענדיק איז אין לירישן גײַסט אָנגעמערקט דער סור־זשעט. דאָס איז ניט קיין סוזשעט אין אייגנטימלעכן פארשטאנד פונעם וואָרט, דאָס איז די דערווארטונג פונעם לייענער, אז עפּעס דארף געשען, נאָר וואָס, ווען? דאָס קענען אָנפירן מיט אָט דער דערווארטונג פונעם לייענער, דאָס קענען שפּילן דערמיט, — אף דעם איז דריז א מײַסטער.

דער בליק פונעם פּאָעט איז געווענדט אף אלעמען, אף יעדן על־טער פונעם מענטשן. לייענענדיק שיקע דריזס לידער, פילן מיר, ווי באדינגלעך איז די גרענעץ פון זײַנע לידער פאר קינדער און די לידער פאר דערוואקסענע.

די ליד „דאָס ייִנגל און דער בוים" באשטייט אינגאנצן פון צען שורעס, אין וועלכע עס דערציילט זיך, אז דאָס ייִנגל האָט געבעטן באם בוים, ער זאָל אים געבן א באר, נאָר דער בוים האָט זיך צע־לאכט מיט אלע זײַנע בלעטער — ווו זאָל ער נעמען בארן, ער איז דאָך אן עפּלבוים.

> דו מײַן צווײַג ניט טשעפּע,
> בעסער בעט אן עפּל...

אן אנדערער וואָלט פארבײַגעגאנגען דעם דאָזיקן געוויינלעכן פאקט, וואָס א ייִנגל, שטייענדיק לעבן אן עפּלבוים, בעט אים שענ־קען א באר. נאָר באם דיכטער האָט דער דאָזיקער צופאל באקומען א סימבאָלישע אויסטײַטשונג. א מענטש דארף וואקסן, וויסנדיק, אז בא אן עפּלבוים דארף ער בעטן אן עפּל, בא א בארנבוים — א באר. ער דארף וויסן דעם באטײַט פון קעגנשטאנד און דעם טאָך פון דער דערשײַנונג. די דאָזיקע אויסערלעך געוויינלעכע ליד באקומט, איך האָב ניט מוירע דאָס צו זאָגן, א פילאָסאָפישן געדאנק. זי פאָדערט ניט פונעם לייענער צו אנערקענען דאָס פילאָסאָפישע אין דער ליד, נאָר צוזאמען דערמיט איז דאָס דער עכטער טאָך. דער מענטש ווערט געבוירן, זעט די פילזײַטיקײַט פון דער וועלט און ער וויל צוזוכן זײַנע נעמען פאר די זאכן, אָפט פאלן זיך ניט צונויף די נעמען מיט די, מיט וועלכע עס רופן זיי אָן, געוויינלעך, די מענטשן.

שפּעטער באהעפט זיך דער מענטש צו דעם אלגעמיין־אײַנגעשטעלטן מענטשלעכן לאָשן, נאָר פונקט ווי פריִער לייגט ער ארײַן אין די דאָזיקע ווערטער א פרישן, א נײַעם, בלויז אים פארשטענד־

לעכן געדאנק. אָט דער דאָזיקער געפיל פאר דער שפראך, וואָס איז הארמאָניש מיטן געפיל פון אופאסן די וועלט, דאָס הייסט דעם הארמאָנישן גאנג פון דערשיינונגען, באגריפן, זאכן, ווערטער, ליגט דער טאָך פון דריזס פּאָעזיע. דער דיכטער לערנט ניט, אין געוויינלעכן זין פון וואָרט, פארקערט, ער שטרייכט בעקיוון אונטער די אָפּוועזנהייט פון דידאקטיק און באלערעוודיקייט, זיין אופגאבע איז אויסמאָלן, באזונגען, אָבער אינדערעמעסן דינט זיין מאָלעריי און אלץ, וואָס ער באזינגט, דער דערציִונג.

בעזהאדראָגעדיק געווינט זיך צו דער מענטש, אז אין דער נאטור עקזיסטירט א באשטימטער סיידער, א געוויסע אָרדענונג, אז אלץ אין דער וועלט איז איינהייטלעך, אז אלץ צוזאמען דערנערט די פּאָרשטעלונג פונעם מענטשן. און די פּאָרשטעלונג פונעם מענטשן הייבט זיך אָן אנטוויקלען זייער פרי, אין אָנהייב פונעם לעבן, מיר ווילט זיך אפילע זאָגן, — אין דער פארביי־גייענדיקער שאָ. און אויסוואקסנדיק, הייבט אָן דער מענטש פארשטיין, וויאזוי פון א פּראָסט ברעטעלע ווערט א וואונדערבאר פידעלע און וויאזוי דער מוזיקאנט קריגט ארויס פון דעם צויבערנדיקע קלאנגען. אָט די קענטעניש, ניט פּאָשעט דאָס פאנטאזירן אָפּגעריסן פון לעבן, נאָר שעפן פארבן פאר דער פאנטאזיע אין דעם עכט רעאלן לעבן, האָט געלערנט שיקע דריז בא די קלאסיקער פון דער יידישער ליטעראטור. אופמערקזאם איז דריז געווען צו דער רוסישער דיכטונג און צו דער דיכטונג פון אלע פעלקער פונעם ראטנפארבאנד. באזונדערס האָט אים צוגעצויגן די פאָלקס־שאפונג און די פאָלקס־כאָכמע.

שיקע דריזס לידער האָבן פארינטערעסירט אזא מייסטער פון דער יידישער ליטעראטור, ווי לייב קוויטקאָ. ער האָט אונטערגעהאלטן דעם דאָזיקן פּאָעט און זיינע לידער. אָט די צוויי דיכטער — לייב קוויטקאָ און שיקע דריז — האָט דערנעענטערט די שטרעבונג אלץ צו מאכן לעבעדיק, אלץ „פּארמענטשלעכן", ווי עס האָט געזאָגט בלאָק. זיי האָבן געוואָלט, אז דאָס פארמענטשלעכטע זאָל זיין ווארעם און גוט. פון די רוסישע פּאָעטן איז, לויט מיין פארשטאנד, דריז נעענטער צו מיכאיל סוועטלאָוון. ס'איז אינטערעסאנט, וואָס דער אווטאָר פון „גרענאדע" האָט אין דער פּאָרעדע צו די „שטערנדיקע שניידער" פון שיקע דריז געשריבן: „ער קאָן גאָר אף

א נײַעם אויפֿן באַווײַזן גוט באַקענטע זאַכן, און זיי לעבן אויף, ווערן אונדזערע גוטע פֿרײַנט, צײַען אונדז אַרײַן אין כיטרע שפּילן".

צוזאַמען דערמיט האָט דריז געהאַט פֿיל לערער, די נעמען פֿון וועלכע ס'איז שווער איבערצורעכענען, אָנצורופֿן. קאָן דען א בין אויסרעכענען די בלומען, פֿון וועלכע זי האָט צונויפֿגעזאַמלט האָניק? אַזוי קאָן דער דיכטער, וואָס האָט געלעבט מיטן פֿאָלק, ניט זאָגן, ווען און ווו ער האָט צונויפֿגעזאַמלט דעם האָניק פֿון דער פֿאָלקס־כאָכמע. שיקע דריזן האָבן געהאָלפֿן א סאַך: די דערינערונגען פֿונעם זיידן דעם באַלמעלאָכע, די מײַסעס און מעשׂאָלים פֿון די שכיינים, די ליד, וועלכע עס האָט געזונגען די מאַמע, דער שאַרפֿזיניקער ווערטלזאָגער און פֿאָלקס־לעץ הערשעלע אָסטראָפּאָליער, דער בי־טערער שמייכל פֿון שאָלעם־אַלייכעמען, די שאָטלענדישע ניגונים פֿון ראָבערט בערנס און די בלאָנדזשענדיקע סוזשעטן וועגן די כע־לעמער כאַכאָמים.

אויסרעכענען נעמען וואָלט מען געקענט אָן א שיר, ווײַל דער דיכטער האָט דאָס גאַנצע לעבן געקליבן דעם האָניק פֿון כאָכמע, דאָס גאַנצע לעבן זיך געלערנט און דאָס גאַנצע לעבן זיך געקליבן באַשאַפֿן זײַן הויפּט־בוך. מיט דעם איז פֿול געוווען דער זײַן פֿון שיקע דריזן. אַלע נעמען, וועלכע זײַנען דאָ אָנגערופֿן געוואָרן און ניט אָנגערופֿן געוואָרן, גיסן זיך צונויף אינעם באַגריף פֿאָלק. דאָס פֿאָלק איז דער קוואַל, דער באָדן, דער גרונט, דאָס, וואָס שטילט דעם דאָרשט, אַף וועלכן עס וואַקסן אויס די גאָלדענע זאַנגען, ווו עס רוט דער קויעך־האַדימיען.

מוזיק, זאָגט גלינקאַ, פֿאַרפֿאַסט דאָס פֿאָלק, דער קאָמפּאָזיטאָר אַראַנזשירירט זי בלויז. פּונקט אַזוי האָט לאַנג און אויפֿמערקזאַם זיך אײַנגעהערט אין דער האַרציקער וואָרט־מוזיק פֿונעם פֿאָלק שיקע דריז, קעדיי טאַלאַנטירט, קלוג און מיט קענטעניש זי באַאַרבעטן, צוגעבן גלאַנץ דעם דימענט, וואָס דאָס פֿאָלק האָט באַשאַפֿן. איז דאָס דען ניט קיין מײַסטערישקײַט?

דער דיכטער טרוימט „ניט פֿאָרן פֿאַרן אָרקעסטער, נאָר טאַנצן פֿאַר אים". טראַכט זיך אײַן אין דער דאָזיקער פֿילדײַטיקער פֿראַזע! שיקע דריז גיט זיך אָפּ דעם געפֿיל, פֿאַרווירקלעכט דאָס ניט פֿאַר־ווירקלעכטע, דאָס געגאַרטע ווערט רעאַל: די געקוילעטע גאַנדז באַ־דאַרף נעמען פֿאָכן מיט די פֿליגל (באַדאַרף!), אין דעם אויסגע־

טריקנטן ריטשקעלע באדארף זיך פליוסקען דאָס פישעלע (באדארף!). ווי אומיטלבאר קינדעריש דאָס איז! נאָר דאפקע אין דער דאָזיקער קינדערשער אומיטלבארקייט, וואָס איז איבערגעגעבן מיט די ליפּן פון דעם קלוגן מייסע־דערציילער, נעסטעט זיך דער ווונדער פון שיקע דריזס דיכטונג.

בא דריזן איז איבער אלץ די זון — די ווארעמקייט פון לעבן, די גוטסקייט. די זון איז אומעטום: אף די מעשענע קנעפּלעך פונעם בריווטרעגער, פונעם שלאכטמאן, אייזנבאנער, זי כאפּט זיך ארײַן אין דער גנעץ, זי ברענט אפן סאמאָוואר. ניט נאָר די זון, נאָר אלץ, וואָס קאָן דערווארעמען דאָס מענטשלעכע לעבן, ווערט דער העלד פון שיקע דריזס ליד. דער פּיאָנערישער טרומייט, וואָס הייבט אָן קלינגען איבער דער וועלט אין די הענט פון פּיאָנער, שפּארט זיך אָן אין הימל, אין דער זון. וואָס פארייניקט דעם הימל מיט דער ערד? דער טרוים, דאָס מייסעלע. און טאקע דער טרוים און דאָס מייסעדיקע ליגן אין גרונט פון דריזס לידער, וועלכער האָט גע־שטרעבט אפילע דעם טויטן שטיין לעבעדיק מאכן. בא דריזן דער־ציילט דער שטיין, וויפל יאָר ער איז אלט. געוויינלעכע שיך, לאָזט זיך אויס, זײַנען וויכטיקער פארן מענטשן, ווי א קארעטע מיט רע־דער, אין קעסטל מיט אקווארעל־פארב געפינט זיך אן אוצער, אין וועלכן עס איז פארבאָרגן די גאנצע שיינקייט פון דער ערד, דער פּראכט פונעם היימלאנד.

ער האָט געשליפן די שורע. דאָס האָט געפאָדערט קענטעניש, געדולד און צענדליקער יאָרן. די ליד בא דריזן איז פּראָסט, נאָר פּראָסטקייט פארמאָגט איר טיפקייט, די טיפקייט פון אופאסן דאָס לעבן, דעם מענטש, זײַן נעשאָמע. שיקע דריזס ליד איז מעלאָדיש, עס ווילט זיך זי זינגען. די דאָזיקע ליד האָט אויסגעטעסעט א מײַסטער טאָג נאָך טאָג, נאכט נאָך נאכט.

וויפל זײַנען אָנגעשריבן לידער און דערציילונגען וועגן דעם, ווי קינדער שפּילן זיך אין באהעלטערלעך! וויפל איז אָנגעשריבן געוואָרן וועגן דעם פריילעכע, אינטערעסאנטע, קאָמישע און פאר־כאפּנדיקע געשיכטעס! און אָט האָט איר ווידער באהעלטערלעך, פאנטאסטישע. שיקע דריז דערציילט, אז קינדוויַיז, שפּילנדיק מיט זײַנע פרײַנט, האָט ער זיך באהאלטן הינטער א בוים. מע האָט אים באדארפט געפינען, נאָר זײַנע פרײַנט זײַנען פארבײַגעלאָפן, זיי

האָבן פאַרגעסן אין אים. דער דאָזיקער צופאַל ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ סימבאָל. די פרײַנט, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, זײַנען געווען גלײַכגילטיק צו אים, וואָס האָט זיך באַהאַלטן הינטערן בוים, און ער האָט פאַרגעזעצט וואַרטן אויף זיי — און וויפל מיינט איר? צען מינוט, אַ האַלבע שעה, אַ שעה? ניין, דאָס גאַנצע לעבן. זיי האָבן אים געפונען, נאָר דאַן, ווען ער איז שוין געווען באַערדיקט, גע־פונען אים און אוועקגעלייגט בלומען צו די פיס. אַ ציקאַווע צופאַל, נאָר אַ טרויעריקער, וועלכן דער דיכטער האָט אַרויסגעכאַפּט פונעם לעבן און דערהויבן ביז אַ סימבאָל.

יאָ, שיקע דריזס האַרציקע דיכטונג ברענגט אונדז ניט נאָר קיין פרייד — זי צווינגט זיך פאַרטראַכטן אויף פיל שווערע פראַגן ניט נאָר דאָס קינד, דאָס קינד פון פאַרשול־עלטער, נאָר דעם גראָוו געוואָ־רענעם טשאַבאַן אָדער אַקאַדעמיקער.

דער דיכטער בייגט זיך אָן צום קינד פּונקט אַזוי, ווי צו דעם געניטן קלוגן זאָקן, און זיי פאַרשטייען דעם דיכטער, זײַנען באַ־צויבערט פון זײַן ליד — יעדערער אויף זײַן אויפן.

שיקע דריז קאָן זײַן איבערצײַגעוודיק אין זײַן פרייד, אין זײַן מאַזשאָר, אין זײַן לעבנס־באַשטעטיקונג.

כאָטש מע האָט אַ האַלבע וועלט
מיט מײַן בלוט פאַרגאָסן,
הונדערט מאָל געהאַרגעט מיך
און טויזנט מאָל געשאָסן —
דאָך האָט ניט גענומען מיך
קיין פײַער און קיין שווערד,
און אָט־אָ, ווי איר זעט מיך,
וואַקס איך אויף דער ערד —
אַ הויכער בוים,
אַ שיינער בוים,
אַ שטאַרקער בוים!

אָפט שטעלט זיך מיר פאָר שיקע דריז, ווי ער גייט פאַרנאַכט אָדער באַנאַכט מיט אַ לאַמטערן אין די הענט, ער באַלײַכט דעם וועג פון זײַנע לייענער, וואָס גייען באַנאַנד מיט אים און נאָך אים, און עס דוכט זיך, אַז ער זאָגט צו זיי: שרעק זיך ניט, גיי געוואַג־טער איבערן לעבן! דו וועסט ניט פאַרבלײַבן אומבאַמערקט, דײַנע פרײַנט וועלן דיך ניט פאַרבײַגיין, ניט דעמלט ווען דו שפּילסט זיך

אין באהעלטערלעך, ניט דעמלט, ווען דו גייסט מיט זיי אין שלאכט, ניט דעמלט, ווען דו גייסט אף דער ארבעט.

פאַרענדיקנדיק דאָס פאָרוואָרט צו שיקע דריזס בוך „דער פריילעכער בעקער", האָט דער באוווסטער שרײַבער לעוו קאסיל געשריבן: „זאָל יעדערער פון אײַך אויסקלײַבן דאָס, וואָס אים געפעלט, דאָס, וואָס איז אף זײַן געשמאַק, דאָס, וואָס איז אים צוגעגנגלעך, לויטן עלטער, וועט איר, איבערלייענענדיק די דאָזיקע לידער, זאָגן א דאנק דעם דיכטער".

„א דאנק" איז ניט אומבאדינגט צו זאָגן אף א קאָל, וויכטיק איז, איבערלייענענדיק די ביכער פון שיקע דריז, דערפילן א דאנקבארקייט צו דעם, וואָס האָט זיי באשאפן, דערפאר, וואָס ער האָט געקאָנט דעם לייענער ארײַנפירן ניט נאָר אין זײַן וועלט, נאָר אין דער סאמע גרויסער וועלט, אין דער וועלט ניט נאָר פון פאָרשטעלונג, נאָר אין דער רעאלער וועלט.

שיקע דריזס לידער, — ווי מיכאַיל סוועטלאָוו האָט געזאָגט, — „וועלן ווערן ניט קיין געסט אף אײַער ביכער־פאָליצע, נאָר די באלעבאטים".

די פארשיידנארטיקע וועלט פון שיקע דריזן איז ניט שטענדיק קיין פריילעכע וועלט. דער דיכטער איז אויך אמאָל טרויעריק, נאָר דערפאר קיינמאָל ניט לאנגווײַליק, דערפאר ווײַל ער איז שטענדיק פארנומען מיט וויכטיקע איניאָנים, ער אײַלט זיך צו זײַנע פרײַנט, און די פרײַנט ווארטן אף אים. דער פאָעט און זײַן פאָעזיע נעמען אָנטייל אין אונדזערע איניאָנים און געשעענישן. דאָס לעבן פונעם מענטשן איז קורץ, נאָר די דיכטונג פארלענגערט דאָס דאָזיקע לעבן.

אן עמעסער טאלאנט פארנעמט קיינמאָל ניט קיין פרעמד אָרט אונטער דער זון. ער האָט שטענדיק זײַן אייגן אָרט, און דאָס דאָזיקע אָרט קאָן קיינער ניט פארנעמען. אין דער אומפארבײַטלעכקײַט פון קינסטלער מאקעטירט די מענטשהײַט די אומפארבײַטלעכקײַט פון יעדן מענטשן.

דער דיכטער איז ניטאָ צווישן אונדז, נאָר זײַן געשפרעך מיט אונדז ווערט פאָרגעזעצט, און דאָס איז געזעצמעסיק, ווײַל אזא איז דער טאָך פון פאָעזיע, פונעם פאָעטישן וואָרט, וואָס מאכט דעם געדאנק, דעם פארטראכט, דעם טאט פונעם מענטשן אומשטערבלעך.

## די ערד איז שיין

כ׳האָב געוואַרט אַף אים אַ שאָ,
נאָר מײַן כאַווער איז ניטאָ.
קיינער ווייסט ניט, קורץ גערעדט,
ווען ס׳וועט קומען דער פּאָעט.
באַ זײַן שמאָלן בעטל
ליגט פּאַפּיר אַ בלעטל,
אַ פאַרשניצטער בלײַער,
אַ ציגײַער.
נעם איך זיך פאַרצײַען
מיט אַ רויך אַ גרינעם,
ווערט דאָס שמאָלע בעטל
און די שטוב אַנטרינען.
פּלוצעם קלינגט דער זייגער פיר,
כ׳נעם פון טישל זײַן פּאַפּיר,
לאָזט זיך אויס,
מײַן פרײַנט
האָט הײַנט
אין אָוונט צי באַנאַכט
אַ כעזשבן זיך געמאַכט,
אַ כעזשבנדל אַ קליינס —
איינס:
באַזוכן דעם מוזיי,
צוויי:
קויפן צוקער,

קויפן טיי,
אין ביבליאָטעק — וואָס גיכער —
כאַפּן אַ פּאָר ביכער,
און דערנאָך
צום שוסטער לויפן
אָפּנעמען די שיך...
ווײַל די ערד איז גרויס,
ווײַל די ערד איז שיין,
וויל ער איבער איר
נאָך גיין
און גיין און גיין.

## אײַך, מענטשן

כאָטש איך האָב קײן דראַטווע
און קײן פּיצל לעדער,
ניט קײן פּאַפּ און ניט קײן פלעקל,
כוץ א טינט און פעדער, —
דאָך װאָלט איך, דאָך װאָלט איך
גענומען מײַן קאַיאָר,
און אופגעניײט איך װאָלט פון אים
מעשטעלעך א פּאָר.

זאָל א קינד, װאָס קאָן שוין גײן
און קאָן שוין עפּעס זאָגן,
אױף די ליפּן מײַן גוטמאָרגן
אײַך אנטקעגנטראָגן.

כאָטש איך האָב קײן שערל,
װאָס האָט די װערט א דרײַער,
ניט קײן ציץ און ניט קײן פאָדעם,
כוץ א שטיקל בלײַער, —
דאָך װאָלט איך, דאָך װאָלט איך
קײן רעגע ניט געטראַכט,
פאַר דעם קלײנװאַרג פון מײַן טאָג
קאָפּטעלעך געמאַכט.

זאָל א מאמע שוין איניינעם
מיט איר קינד געבענטשטן
אף די הענט ארומטראָגן
מײַן גוטהעלף פאר מענטשן.

כאָטש כ׳האָב ניט קיין וואָלנס,
וואָס זאָל אף עפּעס טויגן,
ניט קיין זײַד און ניט קיין פּליוש,
כוץ פּאפּיר א בויגן, —
דאָך וואָלט איך, דאָך וואָלט איך
גענומען מײַן פארנאכט
און פון אים א טשיפּעקל,
א ציאצקעלע געמאכט.

זאָלן קינדער שוין אין פריידן,
אין דער ווײַט צי נאָענט,
שטענדיק אײַך אנטקעגנטראָגן
מײַן הארציקן גוט־אָוונט.

1960

## באַם סאַמע דניעפּער

אויף פֿאָדאָל,
באַם סאַמע דניעפּער,
בענקט אַ מאַמע נאָך איר זון;
ליבער כאַווער,
פֿאָרסט קיין קיִעוו,
קלאַפּ איר דאָרט אין פֿענצטער אָן.
זאָג איר גאָרניט,
וואָס איז וווּרטער...
מאַך פּאַמעלעך צו די טיר,
עס און טרינק
מײַן וועטשערע,
וואָס שטייט דאָרט אָנגעגרייט פֿאַר מיר.
שפּאַר זיך צו
אויף מײַנע קישן,
לעש ניט אויס די קאַרגע שײַן
און מיט מײַנע אויגן, כאַווער,
קוק זיך אין איר פּאָנעם אײַן.
פֿון יעדער רינוועלע,
פֿון יעדער קנייטשל
וועט רינען לויטערקײַט,
וועט שײַנען גליק,
ווען ס'וועט זיך איר דאַכטן,
אַז דאָס בין איך געקומען
מיט פֿינף און דרײַסיק יאָר צוריק.

— — — — — — — — — — — — —

שוין אָנגעזונגען זיך מיט לידער,
באַ אלע פאָרהענגלעך געווען,
שוין אויסגעמאָסטן אלע שטעגן
און ניט נאָר איין מאָל — א מאָל צען.
פון גליק א מידער, דרייט דער קאָפּ זיך
מיט שײַן לעוואָניקער באַצירט —
שוין אלע מיידלעך צו די גאנעקעס,
צו די טרעפּלעך אָפּגעפירט,
שוין אלע שטערן אויסגעלאָשן
און ס'האלט שוין ערגעץ באַ קאַיאָר,
נאָר מײַן מאמע דאָס אויג פארמאכט ניט —
שוין גאנצע פינף און דרײַסיק יאָר.
זאָג איר גאָרניט, וואָס איז ווערטער...
גיב קיין גרוס פון מיר ניט אָפּ —
פאר איר בין איך סײַווי געבליבן
א נאריש קינד מיט א גראָוון קאָפּ.

1945

# מײַן קאָפּ איז גראָוו...

שמועל האלקינען

מײַן קאָפּ איז גראָוו,
דער אקסל מיד,
נאָר ניט אויסגעוועפּט
אין הארץ מײַנעם די ליד...

וואָלט איך אָנהייבן
פון אָנהייב אלץ געקענט,
וואָלט איך אויסגעשטרעקט
צום הימל מײַנע הענט —

און געלאָפן,
און געשפּילט זיך,
ווי א קינד,
מיט דעם האָגל,
מיט דעם רעגן,
מיט דעם ווינט.

דער קאָפּ איז גראָוו,
דער אקסל מיד,
נאָר ניט אויסגעוועפּט
אין הארץ מײַנעם די ליד.

וואָלט מיר אָנהייבן
פון אָנהייב זײַן באשערט,

וואָלט איך נעמען
אַף די הענט מײַנע די ערד —

מיט די וויכערס,
מיט די זליוועס,
מיט דער קעלט,
כ'האָב א כעזשבן
נאָך א גרויסן
מיט דער וועלט.

נאָך ניט אויסגעשעפּט
מײַן טיפער יאַם מיט לייד,
נאָך ניט אָנגעפילט
מײַן פינגערהוט מיט פרייד...

דער קאָפּ איז גראָוו,
דער אַקסל מיד,
נאָך ניט אויסגעשאלט,
ניט אויסגעשפּילט מײַן ליד.

## לענינס זייגערל

איינער א זייגערמאכער, דערוויסנדיק זיך, אז
לענינס זייגערל איז קאליע געוואָרן, האָט זיך
געווענדט אין צק פון דער פּארטיי, מע זאָל
אים דערלויבן צורעכט מאכן דאָס זייגערל.

**פון צײַטונגען.**

— זייגערמאכער, זייגערמאכער,
שלאָפסט ניט דורך די נעכט,
זאָג אונדז, וועמעס זייגערל
מאכסטו דאָרט צורעכט?

— מײַנס און דײַנס און אלעמענס,
דער שוועסטערס און דעם ברודערס,
דעם דאָקטערס און דעם גלעזערס,
דעם סטאָליערס און דעם שמידערס.

— זייגערמאכער, זייגערמאכער,
מיר כאלעשן צו הערן,
וועמען וועט דאָס זייגערל
דאָס טײַערע געהערן?

— דיר און מיר, און יעדערן,
דעם לערער דעם באַוווסטן,

דעם שלאָסער און דעם טאָקער,
דעם שנײַדער און דעם שוסטער.

— זייגערמאַכער, זייגערמאַכער,
עפשער קאָנסטו זאָגן:
ווער זשע וועט דאָס זייגערל
שטענדיק בא זיך טראָגן?

— גייט שוין, גייט שוין, פּעמפּיקעס,
גייט שוין, גייט שוין, זניקעס,
נו, פאַרשטייט זיך, איך און איר —
אַלע באָלשעוויקעס!

## אין לעניון־סקווער

קינדער־געפילדער,
פייגל־געשריי.
אין שאָטן באהאלטן
אַן אינדזעלע שניי.

א טשאטשע מיט ווײַסע,
מיט ווארעמע טויבן,
פון לעבינס האנט
זיך אופגעהויבן.

זיי מאכן א קרײַז
און ווידער אהער.
פרילינג און פרידן
אין לעניון־סקווער.

## ווּ איז אונדזער יאם

דאָס האָב איך אים, אפּאָנעם, איבערגעגאָסן,
דעם יאם דעם גרויסן
אין די אויגן מײַנע —
מיט אלע זײַנע אָפּגעשטאָרבענע פּערל,

זײַנע צעריסענע בײַטשעלעך מיט קרעלן,
און קוישן פארלאָשענע שטערן...

און גיי ארום אצינדער איבער דער וועלט
מיט א יאם — געזאלצענע טרערן,
און דער צאר שטורעמט און ווייטעקט
אין מײַנע שווארצאפּלען!

* * *

דער בוים אינעם וואלד
און אין פעלד אונדזער ברויט
האָבן געהיט מיך
פון אומגליק און טויט.

דער ווינט פלעג מיר שעפּטשען:
איבער דעם שניי
דײַן טראָט פארן סוינע
פארגלעטן איך גיי!

בין איך געגאנגען
און געקומען אהין,
אין דער וויסטער און פינצטערער
הויפּטשטאָט בערלין.

און פון דאָרט, פון סוינע,
נאָכן זיגרײַכן שלאכט
צוויי יידישע זאכן
אהיים מיר געבראכט.

איז נא דיר דאָס טיכל
און מיר גיב די פלאש,
דערלאנג מיר דעם בעכער,
וואָס ליגט אין מײַן טאש.

און זאָל אונדזער סוינע
זיך עקן און פּלאָגן,
און מיר, מײַן באַשערטע,
וועלן זיך מאזלטאָוו זאָגן!

## אוי, מאמע, מאמע!

ווען אַ מאמע שמייכלט,
קושן זיך די שטערן.
טויטע שטיינער הייבן אָן
לעבעדיק צו ווערן.

ווען אַ מאמע שמייכלט...

ווען אַ מאמע לאכט,
ווערן גראָזווע יונגער,
ווערט דאָס פּעקל צאָרעס
אױף דער פּלייצע גרינגער.

ווען אַ מאמע לאכט...

ווען אַ מאמע וויינט
(גאָט זאָל אונדז ניט שטראָפן),
ווען אַ מאמע וויינט,
טאָרן די קינדער ניט שלאָפן.

ווען אַ מאמע וויינט...

# קנופּן

זינט כ׳האָב צום ערשטן מאָל
מײַנע שטיוועלעך אָנגעמאָסטן,
מאַך איך קנופּן אַף די בענדלעך —
קנופּן, ווי די קנאָספּן.

כ׳האָב זיך אײַנגערעדט,
כ׳האָב זיך פֿירגענומען,
אַז אָט־אָט פֿון די קנופּן
וועלן ווערן בלומען.

יאָגן די יאָרן — ווער מיר בלומען!
די שטיוועלעך צעשינדן...
ניין, כ׳וויל שוין גאָרניט —
די קנופּן כאָטש צעבינדן.

## ווײ איז דעם שליסל

טיף אין דער נאַכט,
סאָף כּוידעש ניסן,
וועקט מיך אויף
אַ קרישטאָלענער שליסל:

— דיכטער, זײַ ניט
אַזוי באַשיידן!
נעם, נאַרעלע,
שליס אויף דעם גאַניידן.

טו איך אַזוי,
ווי דעם שליסל זיך גלוסט.
נאָר... ווײ איז דעם שליסל —
דער גאַניידן איז פּוסט!

## וואָס הייסט מילכאָמע

זיידע, וואָס הייסט מילכאָמע, —
פֿרעגט מײַן אייניק.
— בעסער, קינד מײַנס,
טו א פֿרעג בא די טויבן,
שווארצע טויבן ווערן ווײַס,
ווײַסע ווערן שווארץ,
וועלן זיי דיר ענטפֿערן.
אָט זיי מעגסטו גלויבן.

## טיכעלעך

וועבערן, וואָס וועבסטו?
דײַנע אויגן שוין קאַליע.
— א סאָלדאַטיש העמדל וועב איך,
ווונד־שנירן פון מאַרליע.

וועבערן, וואָס וועבסטו,
דו קענסט מיר ניט דערקלערן?
— א טיכעלע וועב איך
אף אויסווישן די טרערן.

## קווייטן

פאַר די, וואָס פאָרן שוין אוועק,
פאַר די, וואָס דאַרפן ערשט קומען,
האָט די מאַמע־ערד אויסגעכאָוועט
ווײַסע, בלויע און רויטע בלומען.

מיט פּערל־טוי באַפּערלט זיי,
מיט כיין־פּינטעלעך באַפּינטלט,
מיט רעגנדלעך באַרעגנט זיי,
מיט ווינטעלעך באַווינטלט.

איינעם געפעלן די בלומען,
א צווייטן — די שטעכלקעס גראָד.
טאָקע דער צווייטער, אַפּאָנעם,
דערפונדן האָט שטעכל־דראָט.

## די מוטער

בא אײנער א מוטער
פֿון קינדער פֿון זיבערע פֿיר
ז׳געהאנגען א קעסטל
פֿאר בריוו אַף דער טיר.

דרײַ מאָל א טאָג
האָט די מוטער די גראָװע
געלעכצט בא דעם קעסטל
א בריוו אַף האנאָע.

און הענגען פֿלעגט בלײַבן
איר האנט, װי א שטריק,
װאָס ברענגט ניט דעם עמער
פֿונעם ברונעם צוריק.

## וואָס זשע וויינסטו, בערעלע?

דער טאטע מיט דער מאמע שפּאַצירן ווילן גייען —
בלײַב איך שוין, דער זיידע, מיט בערעלען אײנצווייען.
„זע נאָר, אַז ער זאָל ניט וויינען!״ — בעט בא מיר דער פֿאָטער.
הערט מיך אָבער בערעלע, ווי דער ראבער קאָטער...

עפּשער זאָל איך, בערעלע,
מײַן טולעפּ איבערקערן
און א בער א האָריקער
אף טשיקאוועס ווערן?

ווילסטו, וועל איך ווײַזן דיר, ווי אינמיצקעדרינען
האָט א פֿאָרעץ, כאַגע־צײַט, פֿארווײַלן זיך פֿארגינען. —
ס'האָבן פּײַקלעך צוגעפּײַקלט, צוגעפּײַפּט די פֿלייטן,
און דער זיידע האָט געטאָפּעט, ווי א בער אין קייטן.

וואָס זשע וויינסטו, בערעלע,
מיר שפּילן דאָך אין פריידן? —
דאָס האָבן פּריצים מיט פּאניטשעס
געכויזעקט פֿון דײַן זיידן.

אָט וועל איך איצט, בערעלע, א קנויל מיט קלאָטשע נעמען,
באָרד און פּייעס צוקלעפּן און געדיכטע ברעמען,
און ווײַזן דיר א זאָקן, נעבעך, — צעבראָכן יעדער אייווער, —
ווי ער גראָבט, מיט הוילע נעגל, זיך אליין א קייווער...

און דײַטשן האָבן אָנגעקוועלט
בֿיז צעזעצט צו װערן...
װאָס זשע װײנסטו, בֿערעלע?
מיר פֿאַר דײַנע טרערן!

## פון דורעס צו דורעס

דעם אָנדענק פון די דיכטער,
אומגעקומענע אין די קאַלך־אויוונס.

וויינט ניט און קלאָגט ניט,
ייִדישע אַלמאָנעס,
דיכטער קדושים
געוועזן די קאָרבאָנעס.

לאָמיר זשע זינגען
פאַר קינד און פאַר קייט
דאָס ליד, וואָס זיי האָבן
אין האַרץ אונדז פאַרזייט.

זאָל טרעפן דער מיזמער
צעעפנטע טירן —
די באָבע זאָל זינגען
דעם אייניקל אירן,

א מאַמע — די קינדער,
אַ שוועסטער — די ברידער,
מע קען ניט מיט פולווער
דערשיסן קיין לידער.

וויינט ניט און קלאָגט ניט
און זוכט ניט די קוואָרים

אף מיזרעך און מײַרעוו,
אף צאָפן און דאָרעם,

לאָמיר זיך בעסער
הײַנט אָנטאָן אין שווארצן,
און אופהענגען לאָמיר
דעם שטיין אפן הארצן,

און אויסקריצן לאָמיר
מיט אייגענע פינגער:
פּה נקבר, פּה נתמן
דער ייִדישער זינגער.

פון דוירעס צו דוירעס
דעם שטיין איבערגעבן,
ביזוואנען כאָטש איינער
פון אונדז וועט נאָך לעבן.

וויינט ניט און קלאָגט ניט,
ייִדישע אלמאָנעס,
דיכטער קדושים
געווען די קאָרבאָנעס.

לאָמיר זשע זינגען
פאר קינד און פאר קייט
דאָס ליד, וואָס זיי האָבן
אין הארץ אונדז פארזייט.

## דאָס וועגעלע

געמאכט האָב איך א וועגעלע
מיט רעדעלעך מיט פיר,
דאָס בעסטע און דאָס טײַערסטע
געווען איז דאָס בא מיר.

אויסגעשניצט און אויסגעטאָקט
איך האָב עס ניט אומזיסט,
זיץ אױף דעם און פאָר אױף דעם,
וויפל נאָר דו ווילסט.

ווילסטו, פאָר אין מיל ארײַן
נאָך קלײַען פאר דער ציג.
זאָל זיך נאָר פארענדיקן
וואָס גיכער שוין דער קריג.

מײַן טאטע זאָל זיך אומקערן
און זײַן מיט אונדז צוריק,
מיט ליבע און מיט אייגענע,
מיט מאזל און מיט גליק.

אזוי האָב איך געטראכט מיר,
ווי יעדער זעלנערס קינד.
ביז איינמאָל האָט מען אָנגעקלאפט,
כ׳געדענק עס ווי אצינד.

די מאמע האָט א שאלעכל
א כאַפּ געטאָן אַף זיך
און שטילערהייט געשושקעט זיך
מיט עמעצן אין קיך.

דערנאָך איז זי ארומגעגאַן
א ווײַסערע פון שניי.
און נאָר די הענט געבראָכן:
וויי מיר, וויי מיר, וויי...

א רעגע איז די מאמע
געשטאַנען ווי געליימט,
א פּאל געטאָן צום קישן
און ביטער זיך צעוויינט.

און אויסגעגלײַכט זיך טייקעף
א דינע, ווי א ריט.
און קוים וואָס זי האָט אויסגערעדט:
— דאָס וועגעלע נעם מיט.

די שטאָט איז דאַן געשלאָפן,
קיין שאָטן ניט פאראַן,
און מיר זײַנען געגאַנגען,
געשלעפּט זיך צו דעם באַן.

דאָס שטריקל פונעם וועגעלע
פארקלעמט בא מיר אין האַנט.
און נאָר דאָס הארץ מײַנס הער איך
טיק־טאַקעט, ווי א זייגער אַף דער וואַנט.

באַם וואָקזאל געוואַרט האָט
א האלב־מענטש ווי אַף א קאָרט,
א קלומעק מיט צוויי אויגן,
וואָס רירט זיך ניט פון אָרט.

אין יוכטאָווע בײַטל
ביז דער דיך פארפאקט.
דאָס איבעריקע, דאָס איבעריקע
דער דײַטש האָט אָפּגעהאקט.

מיט טינט און פען באמאָלן דאָס
האָט יעדער מיך געראטן,
זאָל מען זען דאָס וועגעלע,
וואָס פירט ארום מײַן טאטן.

## אונטערוועגנס

זאָלסט נאָר האָלץ אין וואלד באדארפֿן —
טוסטו ניט, זיידעניו, קיין האק ניט שארפֿן.

זאָלסט נאָר שפּענער דארפֿן האָבן,
האָסטו ניט, זיידעניו, קיין זאק קיין גראָבן.

וואָס זשע וועסטו טאָן דאָרט
אין אזא פֿארשאָלטן אָרט?

צוועלף אזייגער אין דער נאכט
האָט א דײַטש דאָרט אומגעבראכט

צארטע מוטערס, הויכע זאנגען,
ניט געשאָכטן, ניט געהאנגען —
לעבעדיקערהייט פֿארברענט
מיט די קינדער אף די הענט.

טרערן זע איך. וויין ניט, זיידע,
לאָמיר גיין אהינצו ביידע.
— ניין, מײַן פֿרײַנט, כ׳וועל גיין אליין
אָפּזוכן מײַן קינדס געביין.

## ווען די שטאָט איז באלאגערט

אונטער זיבן טויערן,
אונטער זיבן שלעסער,
קאָוועט מען די שווערדן,
טאָקט מען אויס די מעסערס.

טאָר דען עמעץ שלאָפן,
טאָר דען עמעץ רוען,
ווען מיט פלאם און פײַער
טוט דער סוינע דראָען.

טאָר דען עמעץ שלאָפן,
שוועבן אין זײַן כאָלעם,
ווען די שטאָט באלאגערט
אומגליק און בעהאָלע.

קאָוועט מען די שווערדן,
טאָקט מען אויס די מעסער,
אונטער זיבן ריגלען
אונטער זיבן שלעסער.

## אדאָלף דער צווייטער

אדאָלף דער צווייטער האָט פארשפעטיקט צו דער יאגד,
ס׳האָט אים ניט געפידלט אין פוילן,
האָט ער א טופּע געטאָן: „ברענגט מיר א יודע!
כאָטש אן אָנגעמאָלטן מיט געלאָשענע קוילן!

כ׳וועל אים צובינדן צו א לופט־באלאָנדל
מיט א לאנגן, מיט א דינעם פאָדעם,
און — דאָנערוועטער — מיטן ערשטן קנאל
שיס איך אראָפּ דעם פארפלוכטן יודע״.

דאכט זיך מיר, אז איך הענג אף דעם פאָדעם,
ווי א שיטערע זיפּ, שוין אדורכגעלעכערט,
און ווי טאָן טוט ווי מיר נאָר דאן,
ווען איך קאָרטשע זיך פון געלעכטער.

## אונדז, די זעלנער

אונדז, די זעלנער,
טו היינט א פרעג,
צי קאָן איך פארגעסן
די דאָזיקע טעג.

א קייווער דאָס פעלד,
א קייווער די גרוב,
א קאָרבן די אייגענע
ערלעכע שטוב.

שורעס פון טויטע
אף שינעלן אף גראָע,
גלייך ווי מיר גיבן
צוויי מאָל די שוווע.

נאָר ווייגען, נאָר קלאָגן
ניין!
פארגליווערט געוואָרן
דאָס הארץ, ווי א שטיין.

א זשמעניע מיט ערד —
די קוואָרים דאָ שטייען,
און ווידער אין פלאַם
און ווידער אין פייער.

און ווידער א קייוועך,
א בלוטיקע סטעזשקע,
און ווידער מיר שפּילן
אין אָדלער און רעשקע.

אונדז, די זעלנער,
טו הײַנט א פרעג,
צי קאָן מען פארגעסן
די דאָזיקע טעג.

די שטוב אָן א קוימען,
דער קוואל אָן א שטריק,
דאָס קינד אָן א וויגל,
דער טײַך אָן א בריק.

דאָס ניט געלייענטע
דרײַעקעכיק בריוול,
די טרערן, וואָס גיסן
די נאָענטע, ליבע.

מיר זײַנען געזעסן
שווארץ, ווי דער אש,
דאָס רויטע פײַער
אין א טיפן בלינדאזש.

## שוועסטער און ברידער

שוועסטער און ברידער,
שלינגט ניט די טרערן,
שטייט אויף קעגן מערדער,
און לאָמיר זיך שווערן:

קיינמאָל ניט בייגן
דעם קאָפּ פאר די סאָנים —
שטענדיק קוקן
דעם טויט אינעם פּאָנעם.

און צאָלן דעם גאזלען
פאר אלץ, וואָס איז טײַער,
מיט פײַער, מיט פײַער,
מיט פײַער, מיט פײַער!

און דער, וואָס סע האָט ניט
קיין שפּיז און קיין שווערד,
טאָ אויסרײַסן זאָל ער
א דעמב פון דער ערד.

א שטיין פון די הויפנס
ווארשעווער שטיינער,
און אופוועקן זאָל ער
די טאָלן מיט ביינער.

און צאָלן די סאָנים
פאר אלץ, וואָס איז טײַער,
מיט פײַער, מיט פײַער,
מיט פײַער, מיט פײַער!

און וואקלען די ערד
אונטער זייערע טריט,
ביזוואנען די וועלט
וועט זיך אָנטאָן אין צוויט.

* * *

שוין פון דרינען,
שוין פון דרינען
א יאם מיט שווערע יאָרן,
כ׳האָב מיר מײַנס שוין אָפּגעלעבט,
גרײַז און גראָוו געוואָרן,

נאָר ביז הײַנט, נאָר ביז הײַנט
דאָס הארץ אין מיר צעגײט,
ווען איך הער א פידל שפּילן,
דאָס פײַפן פון א פלײט...

טו איך אָן
מײַן כופּע־קלײד,
מײַן צירונג
אױף די הענט,
און איך טאנץ,
און איך טאנץ
שטומערהײט
מיט מײַן שאָטן
אױף די װענט.

שוין פון דרינען,
שוין פון דרינען
א יאם מיט שווערע יאָרן,

נאָר מיר דאכט, נאָר מיר דאכט,
גלעקעלעך קלינגען — מעכוטאָנים פאָרן.

בערד און פּייעס — ווי די בעזעמער,
די גאסן צו פארקערן,
בערד און פּייעס,
ווי די וועלדער,
ייִדן ווי די בערן.

צינד איך אָן
א יאָרצײַט־ליכט
מיט די אלטע
הענט,
און איך טאנץ
און איך טאנץ
שטומערהייט,
ביז דאָס ליכטל
ברענט.

שוין פון דרינען,
שוין פון דרינען
א יאם מיט שווערע יאָרן,
כ׳בין נאָך דעמאָלט אף יענער כאסענע
גרײַז און גראָוו געוואָרן.

ניט קיין ווײַן האָט זיך געגאָסן,
א כאסענע ניט פאר אײַך געדאכט,
ניט קיין מענטשן — ווילדע כײַעס
האָבן געפראוועט מײַן כופּע־נאכט.

צינד איך אָן
א יאָרצײַט־ליכט
מיט די אלטע
הענט,

און איך טאַנץ,
און איך טאַנץ
שטומערהייט,
דאָס ייזקער־ליכטל
ברענט.

## שיף זיך, שיפל

אויסגעפארבט
און אויסגעפוצט,
אָנגעפילט
מיט אלדאָס גוטס,

שיף זיך, שיפל,
שווים אוועק.
שווים צו שפאניער
ווײַטן ברעג,

דאָרטן ליגט
א יונג אין בלוט,
נאָר כאווײרים
זעען גוט,

ווי די ביקס
א צווייטער נעמט
בא דעם ברודער
פון די הענט,

און ער זאָגט:
— א גוטע נאכט,
כ׳וועל פארבײַטן
דיך אין שלאכט.

דאָרט, מײַן שיפֿל,
שטעל זיך אָפּ,
בעסטע גרוסן
גיב אים אָפּ.

גיב אים אונדזער
מוט און פֿרייד,
זאָל ער קומען
געזונטערהייט.

## דערמאָנונג

ווו ביסטו, שטיבעלע,
האלב צעבראָכענער קוימען?
ווו זײַט איר, פענצטערלעך, —
אויגן פון יעסוימים?

ווו ביסטו, ביין־האשמאָשעסדיקער
ערשט געפאלענער שניי?
ווו זײַנען די טײַבעלעך, וואָס וואָרקען,
ווי מײַן מאמעס „ווײ מיר, ווײ״.

שפילט אײַך, קינדער,
שפילט אײַך אין רעשקע,
שטערט ניט אײַער זיידן
קושן די האָלעוועשקע.

# טײַערער פֿון אַ רינגל

געפֿונען כ׳האָב, קינד מײַנס,
אַ בינטל קסאַוויאַדן —
פֿאַרעלטערטע פֿערזן,
באַיאָרטע באַלאַדן.

פֿון זיי אין מײַן זינען
איז גאָרניט פֿאַרבליבן,
נאָר איינע כ׳האָב, דוכט זיך,
פֿאַרהיט און פֿאַרשריבן.

פֿאַרהיט, אַז געלעבט האָט
אַ מענטש צווישן אַנדערע,
אַ ליבהאָבער גרויסער
צו רײַזן און וואַנדערן.

דאַרף אָבער טרעפֿן,
ניט מער און ניט מיין,
זײַן שיף ווערט צעקלאַפּט
און צעמאָלט אויף אַ שטיין.

ער עפֿנט די אויגן,
קוקט אום זיך דערשראָקן,
דערזעט ער אַ פֿויער,
אַ גרײַז־גראָוון זאָקן.

און זאָגן עס זאָגט אים
דער פֿויער מיט טרייסט:
דיך וואַרט ניט קיין שלעכטס
אַף מײַן ערד, ווו דו שטייסט.

כאָטש כ׳ווייס ניט דײַן נאָמען,
דײַן שפּראַך איז מיר פֿרעמד,
דאָך האָסטו מײַן בוימל,
מײַן ברויט און מײַן העמד,

מײַן זאַלץ און מײַן האָניק,
מײַן ווײַן און מײַן ביר,
דעם לאָגל מיט וואַסער,
וואָס שטייט בא מײַן טיר.

...און אָט איז אַדורך שוין
אַ כוידעש מיט טעג,
דער וואַנדערער גרייט איז
פֿאַרלאָזן דעם ברעג.

ער נעמט פֿון זײַן פֿינגער
אַ רינגל אַראָפּ
און גיט עס דעם פֿויער
מיט דאַנקבאַרקײַט אָפּ.

נאָר ס׳נעמט ניט דער אַלטער
דאָס גאָלד אין דער האַנט,
דאָס רינגל, אין װעלכן
עס שײַנט אַ בריליאַנט.

פֿאַר מיר וואָלט געווען זײַן
טײַער און זיס,
ווען שענקען דו שענקסט מיר
די שיך פֿון די פֿיס.

אווּעקפירן זאָלסט
אין דער פרעמד ניט מיט זיך
דעם שטויב פון מײַן ערד,
וואָס איך זע אױף די שיך!

## א מײַסע מיט א בריוו

געכאסמעט, געשטעמפּלט
מיט זעקסערלעך טריף,
ברענגט מען אונדז פלוצעם
מײַן שוועסטערס א בריוו.

טוט זיך אצינדער
אף טיש און אף בענק,
די שטוב איז געוואָרן
צו קליין און צו ענג.

יעדער וויל וויסן,
וואָס שטייט אין פּאַפּיר,
יעדער וויל זען שוין
די קאַרטע פון איר.

הייבט אוף זיך מײַן טאטע
און זאָגט צו דעם אוילעם:
— ווערט בין איך, הערט איר,
מײַן ווײַב זאָל מיך קוילען.

סטײַטש, וועט איר פרעגן,
פאר ווען און פאַרוואָס? —
א מענטש איז אן אקשן
און ווייסט ניט קיין מאָס.

מײַנע פלעגט טײַנען —
צו רירן א שטיין,
דאָס טעכטערל אונדזערס
איז שענער פון שיין.

דאָס קינד אונדזערס, איטשע, —
געראָטן אין דיר,
ווי צווײ טראָפּן וואסער,
אוי ווײ מיר פאר איר.

ווי נעמט ניט א פאָטער
זײַן טאָכטער באם האנט
און פירט ניט „סנימאיען"
אזא־אָ ברילִיאנט?

בין איך אָבער איטשע,
דאָס ניסל דאָס הארטע,
און ענטפער מיסטאמע:
„איך דארף ניט קײן קארטע".

גײ זײַ א כאָכעם
און טרעף אלץ פאָרויס,
אז די טאָכטערקע מײַנע
וועט אויסוואקסן גרויס,

וועט האלטן מילכאָמע,
באשיצן דאָס לאנד,
וועט ווערן א העלדן
פון ראטנפארבאנד!

## מײַנע קווייטן

באנאכט, ווען מע זעט ניט קיין פונק אין
די שטיבער,
וועגן זיי, וועגן די קווייטן, טראכט איך
איבער;
און טויזנט מאָל צום פענצטער לויף איך צו
און געפין זיך אױף דער עלטער ניט קיין רו.
איך האָב מוירע, אז עמעצער, בעקיוון,
וועט צעטרעטן זיי אין גאָרטן מיט א שטיוול...
צי אן אויסוואורף מיט א מיִעסן זידלוואָרט
וועט גאָר איבערשרעקן מײַנע קווייטן דאָרט...
קאָנען זיי, כאָלילע, דאָס קוועקזילבער צעשיטן,
קאָנען זיי, כאָלילע, די זאפטן ניט פארהיטן,
די דינע רייכעס, די צארטע פארבן
און קאָנען, ניט פאר אונדז געדאכט,
כאָלילע שטארבן...
הײַנט אָדער מאָרגן, די שאָ קאָן דאָך קומען,
דערלאנגען א קוויטל און מאָנען די בלומען —
איז וואָס וועל איך ענטפערן, וואָס וועל
איך זאָגן?
עס האָט זיי א דונער, א האָגל דערשלאָגן?
כ׳האָב שלעכט זיי געהיט? פארשפילט
זיי אין קאָרטן?
צי עפּשער פארשיקערט די קווייטן פון
גאָרטן?..

באנאכט, ווען מע זעט ניט קיין פונק אין
די שטיבער,
וועגן זיי, וועגן די קווייטן, טראכט איך
איבער;
און טויזנט מאָל צום פענצטער לויף איך צו
און געפין זיך אף דער עלטער ניט קיין רו.

1962

# בלעטער

ווי שיין,
ווי שארף,
ווי דראָענדיק
זײַנען פארשפיצט צו די הימלען
די קנאָספּן די גרינע;
ווי נאָך ניט צעעפנטע,
פארקרעמפּעוועטע
קינדערישע פויסטעלעך,
גיבן זיי צו וויסן:
אלץ איז אונדזערס!
אלץ!
ווי שיין,
ווי שטיל,
ווי עמעסדיק
עס שטארבן די בלעטער;
ווי דלאָניעס פארגעלטע,
ווי אָפענע הענט —
בא דעם, וואָס קלײַבט זיך
פארלאָזן די וועלט
און ווײַזט איר:
כ׳האָב גאָרניט גענומען!
גאָרניט!

1965

## מײַן פּאַפּירענע קרוין

מײַנע פינצטערע נעכט האָבן מיך פֿאַרפּוצט,
אונטערגעשוירן און צוגעקעמט,
א בעכער־שטערן, א טעלער־לעוואָנע
אויף מײַן טיש אוועקגעשטעלט.

אויף א העסעבעט אוועקגעזעצט מיך,
מיך, דעם בען־שישים באַיאָרטן,
זיץ איך אין מײַן פּאַפּירענער קרוין
ווי א קיניג פֿון אָנגעמאָלטע קאָרטן.

מיין איך... ס׳איז עמעס — איך בין א קיניג,
מאָן איך א שטערן, א ריפּטל לעוואָנע,
לאַכט מײַן פּאַפּירענע קרוין:
— יאָלד, האָסט זיך אָפּגענאַרט, אפּאָנעם!

# דער בוים

גרינער בוים, שיינער בוים, שטארקער בוים,
זאָג מיר, וואָס שטייסטו פון זליוועס דאָרט אויס,
דאָרט אונטער דײַן קאָרע, דאָרט טיף אין דײַן שויס,
גרינער בוים, שיינער בוים, שטארקער בוים.

האָט מיר געענטפערט דער בוים:
דאָרט היט איך פאר מענטשן א קריגל,
דאָרט היט איך פאר מענטשן א וויגל,
אזוינס, וואָס וועט ווערן א בוים.

גרינער בוים, שיינער בוים, שטארקער בוים,
לערן מיך, טײַערער, אויס,
ווער וועט זײַן דײַן ליכטיקע גרויס,
גרינער בוים, שיינער בוים, שטארקער בוים.

האָט מיך געלערנט דער בוים:
וואָס טיפער די וואָרצלען פארקארבן,
שטענדיק לעבן און שטארבן
א גרינער בוים, א שיינער בוים, א שטאָלצער בוים.

# אוועק וועט דער ווינטער

אוועק וועט דער ווינטער,
אנטרונען די קעלט,
וועט ווידער זײַן זומער
בא אונדז אף דער וועלט.

וועל איך באשטעלן
פון מײַן אייביקן טרוים
א גרינעם גארניטער
און ווערן א בוים...

א בוים וועל איך ווערן
און ווארטן, און שווײַגן,
די הענט אופגעהויבן,
אזוי ווי די צווײַגן.

ביזוואנען א פויגל
וועט קומען פון ראכוועס
און זיך מאכן א נעסט
אונטער מײַנע פאכוועס.

# ווען איך זאָל אַלט זײַן זיבן יאָר

ווען איך זאָל אַלט זײַן,
טײַערע קינדער,
ניט ערעך די פּופּציק,
א יאָר זיבן אצינדער,

וואָלט איך ניט פאַרפּאַטשקעט,
וואָלט איך ניט פאַרשמירט,
וואָלט איך מיט א פינגער
די ווענט ניט גערירט.

כ׳וואָלט ניט דערלאָזן,
מײַן כאַווער זאָל שניצן
די בענק אין די סעדער,
די בענק, ווו מיר זיצן.

און דאָרט, ווו מע גייט,
און דאָרט, ווו מע שטייט,
וואָלטן מיר ביימער געזעצט,
וואָלטן מיר קווייטן געזייט.

אַז אַזוינס איז געמאָלט,
אַז אַזוינס איז געדאַכט,
ווי דער טאָג איז א טאָג,
ווי די נאַכט איז א נאַכט.

## ביימער מיט זילבערנע שיך

דער וואלד איז געדיכט
מיט לעוואָנע־ליכט,
און אלע ביימער
מיט זילבערנע שיך
גייען צום טײַכל
א קוק טאָן, ווי סע טרינקט
דאָס נארישע קעלבל.

דאָרשטיק בין איך,
און צום טײַכל דעם זעלבן
בייג איך זיך אָן און טרינק
צוזאמען מיטן קעלבל.

און אלע ביימער
מיט זילבערנע שיך
גייען צום אָרט דעם זעלבן.
דאָ שטראָמט א טײַכל
אונטער אן אלטער בריק,
און ביז די קני —
איין וואסער א קעלבל.

מיר דאכט, טויזנט יאָר
איך בלאָנקע אין וואלד,
און וווהין איך גיי ניט,

איך קום צוריק
צום אָרט דעם זעלבן.

א שטערן איז געפאלן —
די אלטע בריק באשטראלן,
ער זעט, ווי צוגעבונדן בין איך
צו דיביימער מיט זילבערנע שיך,
צו אָט דעם טײַכל,
וואָס שטראָמט אונטער דער בריק,
און צו דעם נארישן קעלבל.

## בא דעם יאם

געשפּילט האָב איך זיך בא דעם יאם
און שטיינדלעך געזאמלט,
רויטינקע און שווארצינקע,
ווי פּעדערלעך, ווי סאמעט.

נאָר מער פון אלץ געפעלן מיר
די מויערקעפּלעך שיינע,
זיי זעען אויס פּונקט אזוי,
ווי בײַטעלעך ווי קליינע.

אָט לייג איך זיי צום אויער צו,
מיר דאכט זיך, כ׳וועל דערהערן,
ווי שטילערהייט עס אָטעמט דאָרט
א לעבעדיקער שטערן.

ס׳לאכט פון מיר דער פישער,
לאכן מיר צוזאמען:
פּערל דארף מען זוכן
אין דער טיף פון יאמען.

## צווישן סטרוזשקעס

און אז אווראָם־הירש דער סטאָליער
האָט דערפילט, אז ער האלט שוין באם סאָף,
האָט ער זיך אויסגעצויגן, ווי א ווײַס אָפּגעהובלטע ברעט,
אף דעם ווארשטאט אף זײַנעם, צווישן די סטרוזשקעס —
א ברעט פון א ריזיקן בוים, וואָס איז אליין דערבײַ געווען,
ווען אין וואלד איז געקומען די אײַזערנע האק
בעטן בא דיביימער א שטיל פאר זיך.
דער וואלד איז פארשטומט געוואָרן —
און קיינער האָט קיין שטיל פאר דער האק ניט געגעבן.
לאנג האָט זיך די האק ארום ביימער געדרייט,
ביזוואנען א בוים, אן אײַנגעהאָרבעטער,
מיט צווײַגן, ווי שלאנגען איבערגעקניפּטע,
האָט פאר פאכעד דער אײַזערנער האק געגעבן א שטיל...
און דאָ האָט די האק זיך גענומען שוין האקן —
א וואלד מיט ביימער!..

ליגט אזוי אווראָם־הירש דער סטאָליער,
ווי אן אָפּגעהובלטע ווײַסע ברעט,
אפן פראָסט, אף דער קעלט,
אין סטאָליארניע, וואָס האָט שוין קיין דאך און קיין וואנט,
מיט פארגליווערטע צוויי סוקן, —
געוועזענע אויגן פון א בליזיקן בוים...
שטייען באָנים פארקוילטע,
געוועזענע יונגע צוויי ביימער,

ווי שוואַרצע צוויי ליכט,
צוקאָפּנס באַם סטאָליער.
וואָלט געווען וואַרעם, וואָלטן עפּשער צוקאָפּנס
בורשטינענע טרערן, ווי כיילעוו, געקאַפּעט
אַראָפּ פון די פאַרקוילטע לײַכטער.

## האַרציקע גרוסן

בּאַ אַ געלעגנהייט
שיק איך פּונדייַנעטוועגן
אַ טייַערע מאַטאָנע —
אַ זון מיט אַ רעגן.

און נאָך וועל איך שיקן
פּונדייַנעטוועגן
אַ פּעסעלע וואָלגע,
אַ קלומעקל ברעגן.

און נאָך אַ מאַטאָנע
אַן אומגעריכטע —
בערעזענע בלעטער,
אַ נאָדעלע פּיכטע,

אַ מאַנטעלע זיך אופנייען
זאָלסטו, מייַן פרייַנט,
אַזאַ האַרציק מאַנטעלע
בּאַ אַ געלעגנהייַט.

## די ארמענישע נאכט

ביסלעכווײַז, ביסלעכווײַז
צי איך, טרינק איך
מײַנע דרײַ גילדענע שטערן —
מײַן ארמענישן קאָניאק.

דער שטערן דער ערשטער
צעבינדט מײַנע פּערל.
באַציר איך מיט זיי
מײַן ארמענישע נאכט.

אך, ווי עס פּאסן איר
מײַנע ליכטיקע פּערל!

דער שטערן דער צווייטער
מאכט דאָס הארץ מײַנס
ווייכער פון טייג.
קלעפּ איך פון דעם אויס
א רויטע בלום
און באַציר מיט איר
מײַן ארמענישע נאכט.

אך, ווי עס פּאסט איר
מײַן רויטע בלום!

דער שטערן דער דריטער
האָט ארויסגעגאַנוועט פון אונטער
מיר די ערד,
איבערגעקערט אַף מיר דעם הימל,
אויסגעשיט אַלע מײַנע שיקערע סוידעס.

ווײַל אָבער
די ארמענישע נאַכט
ניט גלייבן
מײַנע שיקערע סוידעס.

## א שטיין אין גאָרטן

פאַרוואָס זשע בין איך
אין קיין מענטש ניט געראָטן
און קען ניט געפינען
קיין שטיין אין מײַן גאָרטן,

וואָס עס האָט מיר אנומלט
מײַן שאָכן געוואָרפן,
כאָטש עס ניט, כאָטש טרינק ניט,
כאָטש לייג זיך ניט שלאָפן.

# ווען איך זאָל זײַן אַ קיניג

וואָלט איך זײַן דער קיניג איבער אלע פּיאָלעטעווע זשוקעס,
איבער אלע מעשענע קנעפּ אף די נײַע גארניטערלעך,
איבער אלע רײיפן, איבער אלע רעדעלעך־דריידעלעך,
גאָלדענע באַבעלעך און זילבערנע פליטערלעך,
וואָלט איך באפוילן אופהייבן אלע בריקן,
טיר־און־טויער פארשפּארן, אויסלעשן אלע לאמטערן,
כ׳וואָלט באפוילט מײַן קעצעלע אָפּהיטן די לעכער,
קיין איין מײַזעלע זאָל מײַן כאָלעם ניט אונטערהערן.
כ׳וואָלט באהאלטן מײַן קיניגרײַך אונטער דעם קישן,
געשטעלט אף דער וואך מײַנע צוויי פּאָר צעריסענע שיך...
איך שווער בא וואָס איר ווילט, — ניטאָ אזא קיניג,
וואָס זאָל אײַנשלאָפן אזוי זיס, ווי איך.

## קאָן זײַן

וועסט זאָגן, עס קלעפּט זיך נישט
איינס מיטן צווייטן —
איך שטאַרב דיך אַרומנעמען,
ווי דײַן וואַזע די קוויטן.

וועסט זאָגן, עס קלעפּט זיך נישט
דאָס, וואָס איך ברײַע, —
איך כאַלעש דיר דינען,
ווי אַ הונט אַ געטרײַער.

קאָן זײַן, אַז מײַן מאַמע
וואָלט זאָגן עס בעסער:
— דאָרט, ווו דאָס ברויט,
דאָרט איז דאָס מעסער.

## װי:אַזוי די קראָ איז געװאָרן שװאַרץ

אַמאָל און אַמאָל איז אַ מײַסע געשען:
די קראָ איז נאָך דעמלט אַ װײַסע געװען.

די נאַכט ניט אַזאַ, װי מיר קענען אַצינד —
פּליסיק און שװאַרץ, װי אַ טינטערל טינט.

פֿלעגן פֿייגעלעך דעמלט מיט פֿריילעכע פֿלייטן
באַגעגענען דעם טאָג און פֿאַרנאַכט אים באַגלייטן.

נאָר די קראָ האָט געקראַקעט װי עפּעס
אַ גזאַר,
געשפּאָלטן דעם מױעך, קאַרר־קאַרר־קאַרר...

זײַנען פֿייגל געװאָרן אַף איר אױפֿגעבראַכט
און דערטרינקען געװאָלט זי אין דער
פּליסיקער נאַכט.

מע זאָגט, אַלפּי־נעס איז זי ניצל געװאָרן, —
נאָר פֿאַרבליבן אַ שװאַרצע אַף אײביקע יאָרן.

1964

## פֿאַרוואָס הייסט דער
## פּאָפּוגײַ פּאָפּוגײַ

צוריק מיט א יאָרהונדערט,
ווען די צײַט איז געקומען,
מע זאָל געבן די פייגל
יעדן איינעם א נאָמען,
האָט איינער א פויגל
באַשטימט זיך ניט מיִעסן,
א טאפּ טאָן אין וואָגן
און דערנאָך ערשט באַשליסן,
וויִאזוי און מיט וואָס
פאר דער קאָמיסיע זיך שטעלן,
ער זאָל איר אַמליבסטן,
אַמבעסטן געפעלן —
און קריגן, פארשטייט זיך,
דעם נאָמען דעם שענסטן,
וואָס רימען ער זאָל זיך
באַם גרעסטן און קלענסטן.
געמיינט האָט דער פויגל
זײַן קליגער פון יעדערן
און פארפּוצט זיך גרויסארטיק
אין פארביקע פעדערן.
און פּלאַפּלען גענומען,
דאָס מויל ניט פארמאכן,
און נאָכקרימען יעדן,
פון יעדערן לאכן.

איצט קאָן אים זײַן הויזגעזינד
די שולד ניט פאַרצײַען,
פאַר דעם, וואָס מע רופט זיי
ביז הײַנט פּאָפּוגײַען.

# דער העלפאנד

א קרעמער האָט באַרלעך
פאַרקויפט אויפן מאַרק.
פונקט דאַן האָט געזשומעט
א פליג אין א זאַק.

פונקט דאַן, ווען די פליג
האָט געזשומעט באַם זאַק,
דאַרף דורכגיין א יעגער
מיט זײַן הונט דורכן מאַרק.

פונקט דאַן, ווען דער יעגער
גייט דורך דורכן מאַרק,
פאַרגלוסט זיך דעם הינטל
די פליג טון א פּאַק.

פונקט דאַן,
ווען דאָס הינטל
די פליג טוט א פּאַק,
צעשיט ער די באַרלעך,
צעבינדט זיך דער זאַק.

פונקט דאַן,
ווען עס פאַלן
די באַרלעך פון זאַק,

גיט דער קרעמער דעם הונט
מיט א שטעקן אין קארק.

פונקט דאן, ווען דער קרעמער
גיט דעם הונט אינעם קארק,
גיט דער יעגער דעם קרעמער
אין די פיסקעס א קנאק.

פונקט דאן,
ווען דער יעגער
גיט דעם קרעמער א קנאק,
גיט דער קרעמער
דעם יעגער
א טראסק אין דער באק.

אזוי איז געוואָרן
א מעהומע אין מארק,
א מענטש אף א מענטשן,
א שלאק אף א שלאק.

דער צאד פונעם יעגער
צעשלאָגן זיך שטארק,
דער צאד פונעם קרעמער
איז אויך ניט קאבאק.

נאָר פלוצעם פרעגט איינער
דעם צווייטן אין מארק:
— וואָס האָסטו געכאפט צו מיר,
ברודער, די האק?

— וואָס זשע, דו ווייסט ניט,
ס׳איז דיר נאָך קארג?
ווער האָט געהארגעט
דעם העלפאנד אין מארק?

ער האָט ניט געוווּסט
ביז סאָף פון דער קריג,
אַז מע רופט בא אונדז העלפאַנד
א פאַשעטע פליג.

## ניומע

מיט א רוקזאק, מיט א שטעקן
קומט א באָכער, נעמט אונדז וועקן.

קלאפּט אין פענצטער, אין דער טיר:
„עפנט! עפנט! עפנט מיר!״

— ווער זשע ביסטו, באָכער איינער?
אזא ווּוקסיקער, א שיינער?

וואָס, אשטייגער, דארפסטו דאָ
אין אזא מין שפּעטער שאָ?

שטייט ער מיט צעפירטע הענט:
— האָסט מיך, שוועסטער, ניט דערקענט?

דאָס בין איך, דייַן ברודער ניומע,
פון א רייַזע איצט געקומען!

בא דעם יאם בין איך געווען,
הויכע בערג האָב איך געזען.

און די מאמע כאפּט זיך אוף.
— ס׳זאָגסטו, מאמע, אף דערוף?

מיט אַ רוקזאַק, מיט אַ שטעקן
קומט אַ באָכער, נעמט אונדז וועקן,

קלאַפּט אין פֿענצטער, אין דער טיר:
„עפֿנט! עפֿנט! עפֿנט מיר!"

שטייט ער, ניומע, ווי פֿאַרשעמט:
— האָסט מיך, מאַמע, ניט דערקענט?

אייביק, אייביק וועט מיך ציִען
צו די סעדער, וואָס דאָרט בליִען,

צו די שטערן לויטער־ריינע,
ווי די לימענעס די שיינע.

צו דעם באַרג, וואָס שײַנט לעוואָניק,
צו דעם טאָל, וואָס שמעקט מיט האָניק,

צו דער הייך און צו דער ברייט... —
ווערט אַ טומל, ווערט אַ פֿרייד:

„ניומע, ניומע, אונדזער ניומע
פֿון אַ רײַזע איז געקומען!

ווי אַ קאָרנברויט פֿאַרברענט, —
פֿראָסט און פֿאַשעט — ניט דערקענט"

## דאָס קנײַלעכל וואָל

א

דאָרט, ווו עס לעבן זיך שטיל און צופרידן
די גוטע, די וואַרעמע, וואָלענע ייִדן,
וואָס ליגנדיק עסן און זיצנדיק שלאָפֿן, —
איז איינמאָל א וואָלענע מײַסע פּאַרלאָפֿן:
געגאַנגען א זקיינע איז זקייניש געבויגן,
און נאַ דיר — א קנײַלעכל וואָל פאַר די אויגן.

עס ליגט אינעם גראָז,
ווי א ניסל די גרויס,
קוים־קוים וואָס מע זעט עס
פֿון דאָרטן אַרויס.
א קנײַלעכל קנופּן,
א מאָגערס, א פּיצל,
ווי אָפּגעטאָן וואָלט מען
דער אַלטער א שפּיצל —
דאָס אונטערגעוואָרפֿן
א לעץ האָט א שלעכטער,
אַזוי, צוליב מאַכן
פֿון איר א געלעכטער.

טראַכט זיך די זקיינע: מ׳שטיינסגעזאָגט, גליקן,
קיין פּיאַטע אפילע ניט אונטערצושטריקן,

א קנופּ אף א קנופּ. וואָס זשע דארף איך עס האָבן?
כ׳וועל בעסער אהיים גיין די פּלאָטעצע שאָבן,
דאָס קנײַלעכל וועל איך אָט דאָ טאקע לאָזן,
און זאָל עס זיך ליגן, ווי ס׳ליגט אין די גראָזן.

נאָר פּלוצעם דערהערט זי
א ציטעריק קאָל.
— באָבעציע, — זאָגט איר
דאָס קנײַלעכל וואָל, —
באָבעציע־לעבן,
דו שטריק פון מיר אויס
א שעפּסל א קלײנינקס —
א פינגער די גרויס,
וועל איך דערנאָכדעם
דיר, באָבעציע, שענקען
א קאסטן מיט וואָלנס
פון הערן־געדענקען.

— אוי, ווײ ז׳מיר, — געזאָגט האָט די
אלטע דערשראָקן, —
גענוג פאר מיר, כלעבן, א נײַע פּאָר זאָקן,
דערצו ווען איך קאָן אף א טשיפּעק
כאָטש האָפּן,
גײ איך און שווער, אז א נעס האָט געטראָפן.
וואָס דארפסטו, מײַן קינד, פון א באָבעציע
לאכן,
ווי קומט צו דיר, זאָג מיר נאָר, וואָלענע
זאכן?

א קלײניקײַט עפּעס
א קאסטן מיט וואָלנס,
נאָר קום וועל איך נעמען
א שפּיזל א שטאָלנס,
פארמאכן די לאָדן,

פארשליסן די טיר
און נעמען א שעפסעלע
שטריקן פון דיר.
און ביז ס׳וועט זיך ווײַזן
א פינגערהוט שײַן,
וועסטו, מירצעשעם,
שוין אויסגעשטריקט זײַן.

ב

נאכט איז אין דרויסן, קיין הוסט ניט צו הערן.
עס טויוולען זיך שטיל אינעם טײַכל די שטערן,
עס טוליען זיך גרעזעלעך איינס צו דעם
צווייטן,
עס שווײַגן די הינט אף די אײַזערנע קייטן.
און אָט־אָ דערהערט מען דאָס הענעלע קרייען,
און אָט־אָ דערזעט מען א מענטשן שוין גייען.

דאָס שפּיזל דער באָבעס
שוין ליגט בא דער זײַט,
די ארבעט געענדיקט
איז פּונקט צו דער צײַט.
דער גלאָק אפן טורעם
געקלונגען האָט פיר,
די אלטיטשקע עפנט
די לאָדן, די טיר.
גאָלד — דער באגינען,
זוניק און זיס, —
דאָס שעפסעלע שטייט שוין
אף אלע פיר פיס.
עס בעקעט און מעקעט און שרײַט: —
א גוטמאָרגן,
אצינד וועסטו, באָבע, ניט דארפן זיך זאָרגן,

וועסט גלײַך פון מײַן פעלכל א פעדעמל
ציִען —
און אויב דו וועסט, באָבע, ניט פוילן זיך מיִען,
שטריקן און שטריקן, דאָס שפּיזל ניט ווארפן,
וועסטו דיר אויסשטריקן, וואָס דו וועסט
דארפן:

א וואָלענעם טשיפּעק,
א מאלבעש מיט שליארעס,
א ווילע פּאָר מאטקעס,
א לײַבל א ווארעמס,
א שיינע פּאָר שטעקשיך,
באנייטע מיט קוויטן,
מע זאָל דיך אין מארק
מיט די אויגן באגלייטן.
קאמאשן און זאָקן,
א ווינטערדיק קלייד
אן אייבערשטס, אן אונטערשטס,
און טראָג געזונטערהייט.

ג

אוועק איז פון דעמלט ווער ווייסט ויפל וואָכן,
די אלטע האָט אופגעהערט וואשן און קאָכן,
זי ווייסט ניט פון שלאָפן, זי ווייסט ניט
פון עסן,
ווי עפּעס א דיבעק אין איר וואָלט געזעסן.
זי האָט שוין א קאסטן, א בארג מיט אנטיקן,
זי וויל שוין ניט שטריקן און האלט אין
איין שטריקן.

אן אייגל ארוף
און אן אייגל אראָפּ —
זי האָט שוין א ראנדל,

א וואָלענעם טאָפּ,
זי האָט שוין א טשײַניק,
א וואָלענעם בעקן.
וויל נאָך די אלטע
א וואָלענעם שטעקן.
זי האָט שוין א שטוב,
ווי ס'ווײַזט זיך ארויס, —
וויל זי א קאַץ
און א וואָלענע מויז.

ס'פארמאָגט שוין די אלטע פון הערן־געדענקען,
מע קאָן אין איר וואָלנס זיך פּאָשעט דערטרענקען.
זי ווייסט שוין ניט, ווו דאָס פארמעגן באהאלטן,
און דארף ניט און וויל ניט דאָס שעפּסעלע
האלטן.
זי דארף עס ניט מערער, און נאָך אלע זאכן —
זי מעג זיך פארגינען א וועטשערע מאכן.

וועל איך מיר, טראַכט זי,
דאָס שעפּסעלע בינדן
און רופן דעם פּימפּלער,
ער זאָל עס מיר שינדן.
וועל איך שוין מאכן
געבראָטנס א בעקן,
עס זאָלן זיך אלע
די פינגער באלעקן.
דער פידלער וועט פידלען,
דאָס צירונג וועט גלאנצן,
און איך מיט די געסט
וועל א וואָלעכל טאנצן.

נאָר דאָס, וואָס די אלטע פלעגט טראַכטן
און קלערן,

פלעגט טייקעף דער וואָלענער טשיפּעק
דערהערן.
כאָטש טשיפּעקעס דארפן זיך עפּשער ניט
מישן,
פונדעסטוועגן איינגערוימט האָט ער דעם
קישן:
— דו ווייסט, וואָס די אַלטע האָט
צוגעטראַכט נעכטן?
זי וויל אונדזער בידנענקע שעפּסעלע שעכטן

און מאכן אַ פליישיקס
מיט ראָסל באַגאָסן,
און פראַוועון אַ יאָמטעוו —
אַ סימכע־וועסאָסן.
געכאַפּט האָט דער קישן
די קאָלדרע צו וועקן,
די וואָלענע קאָלדרע —
דעם וואָלענעם שטעקן.
דער שטעקן — דאָס קעצל,
דאָס קעצל — די מויז:
לויף צו דעם שעפּסל,
דערצייל אים אַלץ אויס!

ד

פינצטער אין דרויסן, מע זעט ניט קיין שטערן,
אַ גליק, וואָס דאָס מייזל פארמאָגט אַ לאַמטערן.
לויפט עס פארסאָפּעט צום פּארקן, און דאָרטן
געפינט עס אַ לאָך צו דעם וואָלענעם גאָרטן,
ווו אונטער אַביימל מיט וואָלענע פלוימען
טוט אין אַ ביידל דאָס שעפּסעלע ווינען.

אַ גראַבל די טיר
האָט דאָס מייזל געגעבן:

— אוי, ראטעווע, שעפסל,
באצײַטנס דײַן לעבן!
דו ווייסט, וואָס די אלטע
האָט צוגעטראכט נעכטן?
זי וויל דיך פארנארן,
דיך בינדן און שעכטן... —
און פונקט, ווי באַם ליכטל,
וואָס ברענט אין לאמטערן,
קאפּען און טריפן
באַם מײַזל די טרערן...

נאָר לאָמיר דעם מײַזעלע וויינען ניט שטערן,
און באלד ווי דער הימל וועט ליכטיקער ווערן,
וועלן מיר ווײַטער דאָס מײַסעלע האָרכן,
ווי ס׳גרייט שוין די אלטע דעם אויוון
צום קאָכן,
גרייט זיך די טרוקענע שפּענער צעצינדן
און גיין מיט א שטריקל דאָס שעפּסעלע
בינדן...

ריידן עס רעדט זיך,
נאָר ס׳טוט זיך ניט גיך —
דאָס שעפּסעלע פרעגט זי:
— וואָס טראָגסטו מיט זיך?

ענטפערט די אלטע:
— נארעניו־נארעלע,
איך גיי פונעם מארק,
און איך טראָג דיר א בארעלע.
איך טראָג דיר א קניש
און א קיכל א ווייצנס. —
נאָר דאָס שעפּסל געכאַפּט האָט
די פיס אף די פּלייצעס.
פון בערגל צו בערגל געיאָגט און געפלויגן,

און מיט זיך דעם וואָלענעם פאָדעם געצויגן.
— גוואַלד! — שרײַט די אַלטע. — ווי
קאָנט איר דערלאָזן,
דאָס שעפּסעלע זאָל מיר מײַן וואָלנס צעלאָזן?
אָט באַלד וועט מײַן שטוב און מײַן
גאָרטן ניט ווערן —
פאַרגעסן דעם פאָדעם כ'האָב איבערצושערן!

דאָס שעפּסעלע פליט,
די אַלטע שרײַט: — שטיי!
דער קאַסטן מיט וואָלנס
צעגייט זיך, ווי שניי.
דאָס שעפּסעלע יאָגט,
די אַלטע שרײַט: — גוואַלד!
אָט וועל איך אַליין שוין
צעלאָזט ווערן באַלד...
און טאַקע אַזוי
איז די מעשׂה געשען —
די אַלטע געשטריקט
איז פון וואָלנס געווען...

הײַנט שטעלט אײַך פאָר, ווי איך בין צופרידן,
וואָס די גוטע, די וואַרעמע, וואָלענע יידן
האָבן צו פּורים אַף אַ טאַץ מיר געשיקט
די דאָזיקע מעשׂה פון וואָלנס געשטריקט.
און איך האָב געקויפט פאַר געלטעלעך זיבן
אַ בויגן פּאַפּיר און פאַר אײַך זי פאַרשריבן.

1967

## דעם פידעלעס נעשאָמע

כ'האָב געהאַט אַ פידעלע,
הענגט עס אַף דער וואַנט,
וואָלט איך אופגעשפּילט אַ וויוואַטל,
ציטערט מיר די האַנט.
וואָלט איך עס אַוועקגעשאָנקען
(אוי, פון גרויס ראַכמאָנעס!),
האָט מען אָפּגעריסן
איינציקווײַז די סטרונעס.

קלאַפּ איך צו אַ מײַסטער,
בעט אים אַ נעכאָמע:
עפּשער קאָנסטו ראַטעווען
דעם פידעלעס נעשאָמע?

ס'האָט די ערשטע פון די סטרונעס
געהאַט מײַן מאַמעס קאָל,
די צווייטע פון די סטרונעס —
אַ קוועלעכל אין טאָל,
די דריטע — ווי אַ פּיצל קינד,
וואָס בעט זיך אַף די הענט,
האָט וויינען און לאַכן
איינצײַטיק געקענט.

קלאַפּ איך צו אַ מײַסטער,
בעט אים אַ נעכאָמע:

עפשער קאָנסטו ראַטעווען
דעם פידעלעס נעשאָמע?

דער מאַמעס קאָל שוין ניט צו הערן —
אַנטווייַנט מיך און אַנטרונען,
דאָס קוועלעכל — אַן אויג אין קאָפּ,
געטרערט און אויסגערונען.
דאָס פּיצל קינד איז גראָוו געוואָרן
אין יענער ווּיסטער נאַכט,
און עפּעס האָט מיט דעם געטראָפן,
וואָס ניט עס וויינט און ניט עס לאַכט.

קלאַפּ איך צו אַ מייַסטער,
בעט אים אַ נעכאָמע:
עפשער קאָנסטו ראַטעווען
דעם פידעלעס נעשאָמע?

די פערטע סטרונע האָט דערצויגן —
אַ פאַרצאַרטע, מידע...
וואָלט איך זי געצערטלט איצטער
מיט מייַן מאַמעס לידער,
געקוויקט זי מיטן קוועלעכל,
וואָס זוניקט אינעם טאָל,
און אומגעקערט דעם פּיצל קינד
דאָס לאַכן פון אַמאָל...

קלאַפּ איך צו אַ מייַסטער,
בעט אים אַ נעכאָמע:
עפשער קאָנסטו ראַטעווען
דעם פידעלעס נעשאָמע?

1944

# מײַן פידל

געווען איז צעבראָכן דאָס פלעקל,
צעקריצט און צעשפּאלטן דאָס דעקל.
צעריסן אַף שטיקלעך די סטרונעס,
א קוק טאָן געווען א ראכמאָנעס.

האָב איך מײַן פידל גענומען
און בין צו א מײַסטער געקומען,
א קלאַפּ געטאָן כ׳האָב אין זײַן טיר:
דערבארעם זיך, מײַסטער, אַף מיר.

געווען איז אין פידל פארבאָרגן
די פרייד פון מײַן שענסטן פרימאָרגן,
געזאנג פון א קוואל אינעם טאָל,
די זאָרג פון מײַן מאמעניוס קאָל.

און הײַנט מיט מײַן פידל אינײינעם
מיר ווײנען, ווי טויב־שטומע שכײנים. —
ט׳ער אַרײַנגעקוקט מיר אין די אויגן,
גלײַך ווי ר׳וואָלט זיי געווויגן.

נאָכדעם מײַן פידל באטראכט,
און מיט אים זיך אין ווערקשטאט פארמאכט.
און איך בין געבליבן דאָ ווארטן,
ווי באַם פאָרהאנג פון א געווינערן, א פארמאכטן.

# דער מײַסטער פֿון פֿידלען

גערווינט האָט א מײַסטער
בא אונדז אינעם ליק,
מײַסטרעווען פֿידלען
געווען איז זײַן גליק.

מעסלעסנווײַז האָט ער
געטאָקט און געשניצט,
און אליין ווי א פֿידל
געווײנט און געזיפֿצט.

געוואָלט האָט דער מײַסטע
סאָד־סוידעס אנטפּלעקן,
וואָס ליגן באהאלטן
אין די הילצערנע דעקן.

דער פֿידל זאָל לאכן,
דער פֿידל זאָל קלאָגן,
א קאָל פֿון א מענטש
זאָל דער פֿידל פֿארמאָגן.

דער פֿידל זאָל האָבן
די טײַערסטע פּלעקער,
די כוואליע פֿון יאמען,
דעם אָטעם פֿון שטרעקע.

און א שטילקייט אזא,
וואָס זאָל לאָזן דערהערן,
ווי ס׳ווערן געלאָשן
אין הימל די שטערן.

א מענטש בא דעם שפּילן
זאָל די אויגן פאַרמאַכן
און פּלוצעם דערהערן
דאָס אייגענע לאַכן.

דערהערן די נאַכטישע לעוואָנע
א־א־א, ליולינקע,
א־א־א, ליולינקע.

דאָס האַרץ בא דעם מענטשן
זאָל פּלאַצן אף שטיקלעך
פאַר געקוילעטע קינדער
אין די אָרעמע ליקלעך.

פאַר געשאָכטענע זקינים
פון יאָרן געהויקערט,
וואָס פּלעגן אונדז וועקן
לעאַווידאַס האַבויקער.

און די, וואָס זי האָט אים
דעם מענטשן געזויגן,
זאָל אופשטיין פון קייווער
און שטיין פאַר די אויגן.

האָט אָבער דער מייַסטער
אזא וואלד ניט געפונען,
אָן איינזאַמער איז ער
פון לעבן אַנטרונען.

א ליכט האַלט אין צאַנקען.
דער שפּיגל פאַרהאַנגען.
א ניט פאַרענדיקטער פידל
איז אויף דער וואַנט געהאַנגען.

מע הערט ניט קיין שאָרך,
קיין טרייסט און קיין בענטש,
נאָר פּלוצעם דער פידל
טוט א קרעכץ, ווי א מענטש.

## די שיינהײַט

געשניצט האָט א מײַסטער,
געטאָקט פון א שטיין
א ווונדער, א קישעף —
די שיינהײַט אליין.

געטאָקט, ווי א נאקעט,
א דורכזיכטיק לאָגל,
און לאנג זיך געשפיגלט
אין יעדן איר נאָגל.

און שוין אף דער עלטער,
גראָוו און געבויגן,
דערשליפן האָט ער
אירע לויטערע אויגן...

די שיינהײַט האָט אופגעלעבט.
פלוצעם דערשראָקן —
פרעמד און פארכידעשט
געקוקט אפן זאָקן,

א בליץ געטאָן —
שיין, ווי דער כאָלעם אליין,
און נעלעם געוואָרן
צוריק אינעם שטיין.

1963

## ווען א שטיקעלע ליים

ליב האָב איך א שטיקל ליים
קנעטן מיט די פינגער
און דערבײַ זיך אונטערבאָמקען,
כאָטש כ׳בין ניט קיין זינגער.

ליב האָב איך מיר שטילערהייט
דאָס לעבן מײַנס באקלערן
און דעם פאסטעכס דודעלע
פרימאָרגן־צײַט צו הערן.

ליב האָב איך דאָס פייגעלע,
וואָס בויט פון ליים זיך נעסטן.
ווי זשע קאָן איך, פרעג איך אײַך,
מײַן כאטקעלע פארגעסן?

## פון יענער זײַט כאַלעם

איך בעט בא דעם שיפער:
כאָטש כ׳קען דיר ניט צאָלן,
שיף מיך אריבער
אף יענער זײַט כאַלעם!

פון דעם, וואָס כ׳וועל דאָרטן
דערזען און דערהערן,
וועל איך שוין גראָוער
מיסטאמע ניט ווערן;

איך וועל דאָרטן קלײַבן
בא שאָטנס פון מענטשן
די אָפשניצלעך כיילעוו
פון ליכט ניט דערבענטשטע,

און אויסקנעטן וועל איך
א ליכט — ווי א סאָסנע...
איך, שיִע בען שיִע,
פון שטעטעלע קראָסנע,

וועל טראָגן די סאָסנע,
איך מיט מײַנע שלאפע פיס,
צום אייפעלער לײַכטער
אזש קיין פאריזש,

און אָנצינדן ס׳ליכט
ווי אַ הייליקן ייִזקער
פאַר וואַרשעווער, ווילנער,
קיִעווער און מינסקער...

זאָל טריפן פון דאָרטן,
פון הייך, פונעם טורעם,
דאָס ליכט, וואָס איך טראָג
אַזש פון יענער זײַט כּאָלעם.

1958

## דער וואַלד־זייגער

שטעלט אײַך פֿאָר און מאָלט אײַך אויס —
איך שטיי אױף אַ בענקל און טראַכט מיר אַזוינס:

אָט גיב איך אַ שפּרונג אַ פּאַרקישעפּטן באַלד
און בין, ווי אַ וויכער, אין דער מיט פֿון אַ וואַלד.

די אײביקע ביימער אַלץ ענגער און ענגער,
און לעבן אַ ריטשקע דערזע איך אַ זייגער,

פֿון סאָסנע געבויט און מיט שינדל באַדעקט,
און אַ מילראָד די הילצערנע ווײַזערס באַוועגט.

און אַ שאָ נאָך אַ שאָ טוט אַ סקריפּע אַ שליסל,
און ס׳עפֿנט אַ לאָדן זיך אויף, ווי אַ ניסל.

און אַ פֿייגעלע קו־קו פֿון דאָרטן שרײַט אויס —
שטעלט אײַך פֿאָר און מאָלט אײַך אויס.

אָט איצטער פּרוּווט און שטויסט אײַך אָן,
ווען זײַן זאָל עס עמעס, וואָס איך וואָלט געטאָן?

כ׳וואָלט געטאָן און געטאָן... מיינט איר וואָס, אַשטייגער?
כ׳וואָלט גענומען און געשטעלט אַ זייגער אױף אַ זייגער.

און דערנאָכדעם ערשט אַף זיי
נאָכעט איינעם, נאָכעט צוויי.

נאָך א צענדליק, נאָך א טוץ
אזוי לאנג און אזוי קורץ...

ביז מײַן וואלד־זייגער פון אויבנאָן
וועט קענען אָנרירן די זון.

* * *

און טאָמער ווילסטו וויסן, קינד, מײַן קינד,
צי שטייט נאָך אונדזער שטיבעלע אצינד,

ווו מײַן קינדהײַט האָט אין אָרעמשאפט געלעבט
און מײַסעלעך פון זויבערקײַט געוועבט;

און טאָמער וויסן ווילסטו, קינד, מײַן קינד,
צי לעבט נאָך דאָרט דאָס צוויטשערל אצינד

און דאָס שפּינעלע, וואָס האָט מיט דינסטער האָר
צונויפגעקניפּט מײַן כאָלעם מיט דער וואָר;

צי קומט דאָס העזעלע דאָס זוניקע צו לויפן
זיסע מילך בא אונדזער סטעליע קויפן;

צי אונדזער אלטער סאמאָוואר מיט די מעדאלן
גייט פּאָרויס אין שלאכט, ווי גענעראלן;

צי מײַן זשוקל זשומעט מיר אין קעסטעלע פון פּילן,
צי מיין איך נאָך, אז פליגן טראָגן ברילן;

צי אפן בוידעם ביז אדהײַעם נאָך געהיים איז,
און צי לעבן דאָרט אין קעסטעלעך די שיימעס;

די פּראָשעניע, וואָס מײַן מאמע האָט אמאָל געשריבן:
„מילאָסטיוּוע גאָסודאר, אַן אלמאָנע כ׳בין געבליבן...

אוי, איז ווי און וויסט אונדז מיט מײַן קינד צו לעבן,
א ביסן ברויט באדארף איך דאָך אים געבן.

א העמדל און א רעקל, און א שוך דאָך אויך,
מילאָסטיוּוע גאָסודאר, איז ווו זשע נעמט מען קוי׳ך״.

האָב איך באטראכט מיר באקן ברויט מיט קימל —
דארפן זיי מײַן ברויט ווי קאָפּווייטעק צום רימל.

האָב איך באטראכט טאכריכים נייען —
וויל קיינער ניט אַף יענער־וועלט גאָר גייען.

און טאָמער ווילסטו וויסן, קינד, מײַן קינד,
צי שטייט נאָך אונדזער שטיבעלע אצינד,

ווו די קינדהײַט מײַנע האָט אין אָרעמשאַפט געלעבט,
ווו שטילע מײַסעלעך האָב איך אין זויבערקײַט געוועבט;

און טאָמער ווילסטו וויסן, קינד, מײַן קינד,
צי לעבט נאָך דאָרט דאָס צוויטשערל אצינד,

צי מײַן זשוקל זשומעט מיר אין קעסטעלע פון פּילן
און די פליגן, וואָס מיר פלעגט זיך דאכטן, אז זיי טראָגן
ברילן,

צי לעבט דאָס שפּינעלע, וואָס פלעגט מיט דינסטער האָר
צונויפקניפּן מײַן כאָלעם מיט דער וואָר.

# מײַן אַלטער פֿרײַנט

זײַ מיר געזונט, זײַ מיר געזונט,
מײַן אַלטער פֿרײַנט, מײַן דעמבענער בופֿעט.
װיפֿל זומערס און װיפֿל װינטערס
זיך אָנגעשפּילט און זיך אָנגערעדט.

צװישן הונדערט און צװישן טױזנט
כ'װעל דערקענען דיך, מײַן פֿרײַנט,
מײַן מאַמעס צימרינג און מײַן מאַמעס זאַפּרען
שמעקט פֿון שופֿלאָד נאָך ביז הײַנט.

זײַ מיר מוחל, מײַן פֿרײַנט מײַן אַלטער,
פֿאַר יעדער קניפּ און פֿאַר יעדער ריס,
מײַן סאָד מיט עפּל ביסטו געװעזן,
מײַן סאָד מיט באַרן און מײַן סאָד מיט ניס.

װיפֿל סוידעס פֿון מיר פֿאַרבאָרגן
אין אַלע װינקעלעך אַפֿן שלאָס,
װיפֿל זאַכעלעך האָסטו באַהאַלטן
אין מײַן זיידנס אַלטן קאָס...

כ'בין געװױנט צו דעם סקריפּען דײַנעם,
צו דעם טיאָכקען פֿון מײַן האַרץ,
װען אַף די שפּיץ פֿינגער פֿלעג איך קריכן
צו דעם סלױ מיט אײַנגעמאַכטס.

זײַ זשע מויכל, זײַ זשע מויכל
מײַן יעדער קניפּ און מײַן יעדער ריס,
מײַן סאָד מיט עפּל, מײַן סאָד מיט בארן,
מײַן סאָד מיט ווײַנשל און מײַן סאָד מיט ניס.

זײַ זשע געזונט מיר, זײַ זשע געזונט מיר,
דען פאראַן צו דיר דײַן גלײַכן!
זײַ זשע געזונט מיר, זײַ זשע געזונט מיר,
מײַן האָניק־ברעג און מילך־טײַכן.

## דער פינגערהוט

געזאָגט האָט מיר א שנײַדער:
— יונגערמאַן,
אפילע אין א קנעפּל,
אין יעדער קלײניקײַט
איז א מײַסעלע פאראַן.
דאַכט זיך, וואָס — א פינגערהוט, א זניקל,—
שטעקט אין אים א מײַסעלע —
אַן אנטיקל.
הער! אַמאָל האָט געלעבט
א שנײַדער ווי איך,
האָט די נויט זיך זאַנאָדעט,
כאַפּט זי דער רועך!
קוקט צו אים אינעם טעפּל —
ווייניק אין טעפּל
גרויפּן צי קרויט.
טאַנצט די מאַכעשייפע, —
פרייט זיך די נויט;
האָט גענומען דער שנײַדער
טרײַבן די זלידניע —
נייט, און נייט, און נייט, —
נאָר די זלידניע
פון שטוב ניט גייט.
וויפל ער איז ניט
מיט דער נאָדל געזעסן,

אלץ ווייניקער ברויט,
אלץ ווייניקער עסן.
און די נויט — זי טאנצט,
זי העפּעט און שפּרינגט,
און פון יעדער לעכל
אין שטוב זי זינגט.
האָט גענומען דער שנײַדער
דעם טאָפּ צעבראָכן,
און די גרויפּן געשטעלט
אין א טעפּעלע קאָכן.
ער בײַט זיי, די טעפּלעך,
פון מאָל צו מאָל,
איז אָבער דאָס קלענסטע
שוין אויכעט ניט פול.
און די זלידניע — זי פרייט זיך,
העפּעט און שפּרינגט,
פון יעדער לעכל
אין שטוב זי זינגט.
וואָס טוט דער שנײַדער?
וואָס טוט רעב אנשל?
נעמט ער א שפּילעכל —
א טעפּעלע — א ווײַנשל,
נאָר וואָס זאָל ער טאָן —
די מאכעשייפע איז דאָ,
און די הירזש אינעם וויזיקל —
קוים־קוים אפן דנאָ.
אָט טוט זי א קוק,
נעמט העפּען און שפּרינגען,
כאפּט אנשל דאָס טעפּעלע
און פארשטעקט מיט א פינגער.

דער נויט — א פּײַג,
און דעם שנײַדער ווערט גוט...
געוואָרן איז פון טעפּעלע א פינגערהוט.

# טיק־טאק

כ׳האָב געלעבט
אין א פּאָר ליכטיקע אויגן —
זײַנען זיי טונקל געוואָרן.

כ׳האָב געלעבט אין א ווארעם הארץ —
איז עס קאלט געוואָרן.

כ׳האָב געהאט
א זאק מיט יאָרן —
איז ער ליידיק געוואָרן.

גייט אין גאס א זייגער —
טיק־טאק!
טיק־טאק!

גיי איך אים אנטקעגן —
טיפּ־טאָפּ!
טיפּ־טאָפּ!
קלינגט ער מיר אויס
א געשענקטן גוטמאָרגן,
א געשענקטן גוט־העלף,
א געשענקטן גוט־אָוונט,
א געשענקטן טאָג.
טיק־טאק!
טיק־טאק!

* * *

אוי, א ווייטעק אין מײַן הארצן
ברענט און ברענט מיר ווי א פלאם,
ניט צו לעשן אים מיט טײַכן,
ניט אפילע מיט קיין יאם.

נאָר א שמייכל פון מײַן ליבסטער,
ווען איך קאָן אצינדער זען,
ווערט מײַן ווייטעק אויסגעלאָשן,
גלײַך ווי קיינמאָל ניט געווען.

* * *

אײַ, ייִנגעלעך, אײַ, מײדעלעך,
ברענגט מיר די שיך צו פֿאַריכטן.
מײַן קריטיקער זאָגט, אַז אַ שוסטער איך בין,
איך קאָן שוין קײן לידער ניט דיכטן.

אײַ, ייִנגעלעך, אײַ, מײדעלעך,
מײנט ניט, איך זאָג אײַך אַ ליגן,
אַ פֿלעקל איז דאָ, אַ טשװעקל װעט זײַן,
אַ דראַטװע ניט שװער צו קריגן.

אַ כאַזער אין שטעטל איז שטענדיק פֿאַראַן,
און טאָמער די שאָ זאָל ניט זײַן,
אַ שטשעטינעלע װעל איך באַם קריטיקער דאָן
אַף עטלעכע טעג זיך אַנטלײַען.

# הערט א מײַסע, הערט א געשיכטע

גאַניידן־מײַסעס, קישעף־גראַמען
געשטריקט האָב איך פאַר יענעם,
נאָר פאַר זיך, פאַר זיך אַליין
האָב איך אויסגעשטריקט א געגנעם.

הערט א מײַסע, הערט א געשיכטע:

וויל איך מײַן געגנעם פאַרקויפן
פאַר א שמעק טאַבעקע אָף דער וואָך,
גיבן מיר די סאָכרים
א בייגל מיט א לאָך.

וויל איך אים, מײַן געגנעם,
אײַן א יאַם מיט ווײַן דערטרינקען,
פאַרהאַקן די שענקער אַלע טירן
און ווילן מיט מיר קיין געשעפטן ניט פירן.

הערט א מײַסע, הערט א געשיכטע:

שנײַד איך זיך מיט קאַרטיאָזשניקעס
נאַכט אײַן נאַכט, ביז באַגינען,
ווילן ניט די בײַטלשנײַדער
דעם געגנעם בא מיר געווינען.

הערט א מײַסע, הערט א געשיכטע:

גאניידן־מײַסעס, קישעף־גראמען
געשטריקט האָב איך פאר יענעם,
ווי איז מיר, און ווינד איז מיר,
און זיס איז מיר מײַן גענעם.

הערט א מײַסע, הערט א געשיכטע.

## זיבן העלפאנדן

כ׳וועל צומאכן מײַנע אויגן
אין א ליכטיקן פרימאָרגן,
מײַן קישן וועט ניט וויסן
וועגן מײַנע זאָרגן.

נאָר זיי, מײַנע זיבן שפּילעכלעך,
וועלן שטיין באדערבײַ,
מײַנע זיבן העלפאנדן
פון זויבער־קלאָרן פאָרצעלײַ.

אָבער אײַלט ניט, באגרעבער,
גראָבט מיר ניט קיין קייווער,
כ׳האָב נאָך בא דער צארטער קווייט
ניט אויסגעקושט יעדער אייוועך.

כ׳בין נאָך זשעדנע, ווי דער הונט,
וואָס האָט פארקלאמערט מיט די ציין
דעם זאטן, דעם פליישיקן,
דעם זיסן מארעך־ביין.

ביז אף דעם קאלטן שפּיגל
איז מײַן אָטעם נאָך ווארעם,
כאלעש איך מיט א יונג ביימל
זיך אדורכשפּאצירן געארעמט.

כ׳וויל נאָך פון גרויסער ליבע
אָפּגיין מיט זיסע טרערן,
ביז מײַנע זיבן שפּילעכלעך
וועלן צעבראָכן ווערן.

* * *

דער קוואַטשקעס א פעדער,
ווי א פאַפּעליאַטע צווײַג,
האָט א ווינטל פאַרוואָרפן
צו דעם אָדלער אין שטײַג.

באַדאַרפט וואָלט איר זען,
ווי ניט אַף קיין שפּאַס
איז געוואָרן דער אָדלער
אַף דעם פעדער אין כּעס.

געצופּט און געשמיסן,
געפּליקט און געריסן,
ניט געוואָלט פון אים הערן,
ניט געוואָלט פון אים וויסן.

איך בין געשטאַנען,
געטראַכט פון דערפון —
איך וואָלט דאָס זעלבע
מיסטאָמע געטאָן.

# דײַגעס

געשטיפּט, געשפּאַסט — און אַצינד
צײַט אַ צייל טאָן די דײַגעס, מײַן קינד.
ערשטנס — די מאַמע זאָל אופהערן זאָרגן,
וואָס וועט פּאַסירן מיט אונדז הײַנט און מאָרגן.

צווייטנס — דער היישעריק זאָל ניט אופּרעסן דעם זאַנג,
דער וואָלף — דעם הירש, דעם קראָליק — די שלאַנג.

דריטנס — ניט קומען זאָל ווידער דער נעכטן,
ווען געטריבן מע האָט די פֿידעלעך שעכטן.

## קאַץ־און־מויז

פּאָרלעכוויַז, אייַנציקוויַז
קריַיזן מענטשן — קריַיז נאָך קריַיז.
פונדערוויַטנס וויַזט זיך אויס:
מענטשן שפּילן קאַץ־און־מויז.

האָט א מיַיזל זיך פארקוקט,
ווערט עס אפן אָרט פארצוקט.
ווייך דאָס פּעלעכל פון פּליוש,
טוט דער קאָטער עס א קוש.

מורמלט עפּעס שטיל און זיס,
שטעלט זיך מיַיזל אף די פיס,
פּרוווט עס נאָר ארויס פון קריַיז,
הייבט די שפּיל זיך אָן באַנייַס.

פּאָרלעכוויַז, אייַנציקוויַז
קריַיזן מענטשן — קריַיז נאָך קריַיז.
פונדערוויַטנס וויַזט זיך אויס:
מענטשן שפּילן קאַץ־און־מויז.

# גאם זו לעטויווע

אז ווו נאָר אַן אומגליק און ווו נאָר א צאָרע,
איז וועמען זשע טרעפט זי? רעב כאָנעלע סאָרעס!

פארמאָגט האָט רעב כאָנעלע סאָרעס א כאמער,
וואָס האָט זיך געפּאשעט אין הויף, בא דער קאמער,

אַן אייזל א כוואט, וואָס האָט ליב געהאט קײַען
א ביסעלע האָבער, א זשמענקעלע קלײַען,

א רײַס טאָן א דאָרן, א ציפּ טאָן א גרעזל —
און פּלוצעם איז נעלעם געוואָרן דאָס אייזל.

וויאזוי און ווהין? אן אוויירע דאָס פרעגן.
דער גאנעוו האָט זײַנע פארבאָרגענע וועגן.

דרייט זיך ארום איצט דער כעלעמער זאָקן
פארכוישעכט, פארדײַגעט, פארקלעמט און דערשראָקן.

מיט ביטערע טרערן באוויינט ער דעם שאָדן:
— פאר וועמען זיך קלאָגן? מיט וועמען זיך לאָדן?

קומט מען אים טרייסטן, און עס זאָגן אים מענטשן:
— באדארפט וואָלט איר גוימל, רעב כאָנעלע, בענטשן!

קומט אויך צו לויפֿן רעב כאָנעס א קרויווע.
— דו זאָג בעסער, — טײַנעט זי, — גאם זו לעטויווע.

ווײַל וואָס וואָלט געווען, זאָל דער אייבערשטער היטן,
ווען דעמלט דו וואָלסט אפֿן אייזל געריטן?!

## א קארב

אין איינעם א שטעטל,
אין דער זײַט פון א שליאך,
האָט איינמאָל געטראָפן
א שרעקלעכע זאך.

דער אָרטיקער סטראזשניק
האָט שיקערערהייט
ארויסגעכאפט פלוצעם
די שווערד פון דער שייד

און אָנגעהויבן פאָכען
אהין און אהער,
און אָנגעהויבן ברומען
אזוי ווי א בער.

ווי אן אויוון עס ברענט אין אים,
צעשמאָלצן ווערט ער גלײַך,
און ווי ער שטייט און ווי ער גייט —
א שפרונג געטאָן אין טײַך.

באשערט געווען דעם שטעטל,
אינמיטן העלן טאָג
אן אומגליק זאָל זיך טרעפן,
א נײַע וויסטע פלאָג.

פון סטראזשניקעס געליטן
ניט איין מאָל, באַרעכהאשעם,
נאָר וואָס מע זאָל אצינדער טאָן —
גיי שטויס זיך אָן אף דעם.

די שוסטער טײַנען זייערס,
די שנײַדער פונקט פאַ״קערט.
דער רעבע מיט דער רעבעצן
זיצן און מע קלערט.

זקיינים בא די נײַנציק
טרייסלען באָרד און פייעס,
עס טראכטן באַלעגאָלעס,
עס טראכטן שטריקלדרייערס.

דער סויפער און דער זײַען,
דער רעבע מיטן שאמעס,
מיט קינדער בא די קליידלעך
די פארזאָרגטע מאמעס.

טאָמער ווערט דערטרונקען
דער סטראזשניק אינעם טײַך,
אש און פּאָרעך מאכט מען
פונעם שטעטל גלײַך.

אוועק וועט א דעפּעשע
דורך די דראָטן גלאטע
פונעם פּריסטאַוו צום אוריאדניק,
פון אים צום גובערנאטער.

דערנאָכדעם וועט זי טרעפן
גלײַך צו דעם מיניסטער,
און אָנקומען צום קייסער
די יעדיִע די וויסטע,

אז ערגעץ אין א שטעטל,
אין דער זײַט פֿון שליאך,
האָט נעכטן זיך געטראָפֿן
א ניט געהערטע זאך...

געפֿאלן איז א קאָרבן
דער סטראזשניק אפֿן פּאָסט,
דאָס היטל מיטן שפּראָנטשיק
אינמיטן טײַך געלאָזט!..

און שולדיק זײַנען אלע —
די מיידלעך און די מאמעס,
דער רעבע מיט דער רעבעצן,
דער גאבע מיטן שאמעס,

די זקיינים פֿון די נײַנציקער
מיט ווײַסע בערד און פּייעס,
די שנײַדער און די שוסטער,
און אלע רעדלדרייערס...

געפֿאלן איז א קאָרבן
דער סטראזשניק אפֿן פּאָסט,
דאָס היטל מיטן שפּראָנטשיק
אינמיטן טײַך געלאָזט...

און הייסן וועט דער קייסער,
מע זאָל אזוי פֿארשרײַבן:
קיין זייכער און קיין סימען
פֿון שטעטל זאָל ניט בלײַבן.

און אוועק וועט א דעפּעשע
פֿון אים צו דעם מיניסטער,
דערנאָך צום גובערנאטער
א פּריקאז א וויסטער,

צום פּריסטאוו, צום אוריאַדניק,
מע זאָל אין קייטן שמידן
מיט האַק־און־פּאַק דאָס שטעטל
מיט אַלע ווילדע ייִדן.

סײַ קליינע און סײַ גרויסע,
די טאַטעס און די מאַמעס,
דעם סויפער מיטן דאַרשן,
דעם גאַבע מיטן שאַמעס.

דעם רעבע מיט דער רעבעצן,
די אַלטע לײַט מיט פּייעס,
די שוסטער און די שנײַדער
און אַלע שטריקלדרייערס.

און איציק מיטן שמיציק
און בערל מיטן באַס
זאָל מען טייקעף הענגען
אַף אַ סטויפּ אין גאַס.

נאָר ערגערס קאָן זיך טרעפן,
אַ שרעק פון דעם צו קלערן,
אויב עס וועט דער סטראַזשניק
אין טײַך דערטרונקען ווערן.

און וואָס מע טוט ניט,
כאָטש עק זיך אַפּן אָרט,
קאָן מען ניט דעם סטראַזשניק
אַרויסשלעפּן פון דאָרט.

צום ברעג איז צוגעקומען
אַ פרעמדער, זיך פאַרטראַכט,
דערזען, אַז ס׳איז דער סטראַזשניק —
הילכיק זיך צעלאַכט:

— וואָס שטייט איר, ווי געליימטע?
באַווייַזט אים נאָר א קארב,
דאן וועט ער באלד ארויסשפּרינגען
פון וואסער אפן בארג.

ווי נאָר עס האָט דער סטראזשניק
דערזען פון ווייַט דעם קארב,
אזוי איז ער פון טייַך ארויס,
מונטער, קרעפטיק, שטארק.

## קיין פּעטרישקע ניט ווערט

אמאָל, אמאָל האָט אין שטעטל כעלעם
געלעבט כאַים־בער דער גוויר.
איינמאָל, אין א הייסן זומער־טאָג,
האָט זיך כאַים־בער, דעם גוויר,
פאַרוואָלט זיך אויסבאָדן,
זיך אָפּפרישן א ביסל אין טײַך,
און שווימען האָט ער ניט געקענט...
דערהערט כאַים־בערס געשריי,
זײַנען זיך צונויפגעלאָפן קליין און גרויס:
דער שערער מיטן שערל אין דער האַנט,
דער שוסטער — מיט א פּאָר קאַפּולעס,
דער שנײַדער מיטן סאַנטימעטער אפן האַלדז,
נאָר ס׳איז שוין געווען שפּעט...
אפן ברעג איז געבליבן נאָר דאָס אָנטאָן
כאַים־בערס.

מענטשן האָבן געקרעכצט, געוויקעט,
נאָר וואָס קען מען טאָן — פאַרפאַלן!
נאָר געוויקעט און געקרעכצט
האָט מען ניט אזוי פון גרויס ראַכמאָנעס
אפן גוויר —
א גרויסער כאַזער געווען,

איז כאַפּט אים דער רועך!
נאָר אַף עסטער־ראָכלען, אַף כאַים־בערס ווײַב,
האָבן אַלע גרויס ראַכמאָנעס געהאַט,
פאַר איר גוט און שוואַך האַרץ.

יעדן פרײַטיק, ווען מע קוילעט אַ פּאָר הינער אַף שאַבעס,
פּלעגט זי, עסטער־ראָכל,
די קישקעלעך, די קעפּלעך און די פיסלעך
פון די הינער אַוועקשענקען פאַר די אָרעמעלײַט.
איז וויאַזוי גיט מען איצט צו וויסן
איר וועגן דעם אומגליק,
וואָס האָט זיך געטראָפן,
ס׳זאָל, כאָלילע, זיך ניט אָפּרײַסן דאָס גוטע
און שוואַכע האַרץ בײַ עסטער־ראָכלען.

נאָר דאָ האָט זיך, ווי פון אונטער דער ערד,
פּאָיאַווועט שליאָמע דער וואַסערפירער און אַ געשריי געטאָן:
— איך, איך! כ׳נעם אַף זיך דאָס איידעלע שטיקל אַרבעט —
כ׳וועל שוין עפּעס צוטראַכטן...

און שליאָמע — לאַנג און דאַר, מיטן קליינעם קאַרטוזל
און די גרויסע פּאָר שטיוול,
האָט צונויפגענומען כאַים־בערס גווירס אָנטאָן,
וואָס איז איבערגעבליבן אַפן ברעג טײַך,
און זיך אַוועקגעלאָזט צום גווירס שטוב.

עסטער־ראָכל די גוטע,
כאַים־בערס ווײַב, האָט שליאָמע געטראָפן זיצן אַפן גאַנעקל
און טרינקען טיי מיט אײַנגעמאַכטס,
און טאַקע מיט אַ גרויסן לעפל פון אַ גרויסן טאָפּ,
ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ גווירנטע.

— אַ גוט־יאָר אײַך, עסטער־ראָכל, —
האָט שליאָמע געזאָגט, — ווי איר זעט מיך,

בין איך געקומען צו אײַך מיט ניט קיין ליידיקע הענט.
איר שטעלט אײַך פֿאָר, עסטער־ראָכל,
ניין, איר שטעלט זיך ניט פֿאָר!

איך טו א קוק,
א קאַפּעליוש פֿליט,
דאָס האַרץ האָט מיר,
נעבעך, פֿאַרקלעמט,
כאַים־בערס א קאַפּעליוש
טייקעף דערקענט.
טו איך א טראַכט,
אוי, ווײ איז מיר, וואָס טוט מען,
א מינוט צו א מינוט
איז ניט גלײַך, —
ער קאָן דאָך, כאָלילע,
אַרײַן אין א בלאָטע
אָדער דערטרינקען
גאָר ווערן אין טײַך...
איך שטיי און איך קוק
און איך גלייב ניט די אויגן —
דער קאַפּעליוש פֿליט,
אַזוי ווי א פֿויגל.
אוי, ווײ איז מיר, — טו איך א קלער, —
א שפּילעכל, א קלייניקייט,
א קאַפּעליוש — א מיליאָנער!
און איך טו מיר א קלער —
דער קאַפּעליוש קאָן דאָך
אַרויף אַף א סטויפּ —
וועלן מענטשן מיינען, —
אַז ס'איז טויט כאַים־בער.

נאָר... עסטער־ראָכל...
ס'איז, כאָלילע, מיט כאַים־בערס קאַפּעליוש
גאָרניט ניט געשען.

אָט האָב איך אים אײַך געבראַכט גאַנץ,
טרוקן און אפילע ניט צעקנייטשט.
אָט, האָט איר שוין איינמאָל — גוט.
גיי איך מיר ווײַטער, און וואָס זשע
דערזע איך?

עס פליט אין הימל
א גרויסע פּאָר הויזן —
די הענט און די פיס
מײַנע פיבערן —
דאָס זײַנען דאָך, גאָט מײַנער,
אײַער כאַים־בערס דעם גווירס
סאַמע טײַערסטע פלידערן.
מינוט צו מינוט
איז ניט גלײַך —
זיי קאָנען, כאָלילע,
אַרײַן אין א טײַך
אָדער צום גאָרטן
פאַרשלעפּט זיי דער שלאַק,
און אויספּוצן וועט זיך
אין זיי א קאַבאַק.
און ס׳וועט, פאַרשטייט זיך,
דערקענען זײַן שווער,
ווער איז קאַבאַק
און ווער — כאַים־בער!

נאָר... עסטער־ראָכל, טײַערע,
כ׳האָב א שפּרונג געטאָן, פּונקט כ׳זאָל אַלט זײַן צוואַנציק יאָר,
און מײַנע פיס זײַנען ניט אָנגעטאָן אין די־אָ גרויסע, נאַסע
שטיוואָלעס,
און די הענט ניט געשוואָלן פון שווערער אַרבעט,
און אָט זײַנען זיי, אײַער כאַים־בערס פּאָר טײַערע פלידערן,
און דאָס, ווי איך פאַרשטיי, איז טאַקע נאָך איינמאָל גוט.
נאָר, עסטער־ראָכל, דעם עמעס אײַך זאָגן:

כאפּן דעם קאַפּעליוש,
די טײַערע פֿלידערן
געווען איז ניט גרינג,
נאָר ניט אַזוי שווער,
ווי כאַפּן דעם שניפּס
און די ווײַסע מאַנישקע,
וואָס שטענדיק געטראָגן
האָט דער גוויר כאַיִם־בער —
כאַיִם־בער דער מיליאָנער.
פֿונדעסטוועגן, טוט אַ קוק,
אָט זײַנען זיי ביידע —
סײַ די מאַנישקע
פֿון ווײַסן ריפּס,
סײַ דער שוואַרצער
זײַדענער שניפּס.

און דער, וואָס קען אַ כעזשבן מאַכן,
וועט מוזן מודה זײַן,
אַז מיר האָבן שוין אַזוי גרויס, אַזוי קליין,
ווי פֿיר מאָל — גוט.

און אויב גוט, האַרציקע עסטער־ראָכל,
מע וועט אײַך זאָגן, אײַער כאַיִם־בער איז
דערטרונקען געוואָרן,
גלייב איך, איר וועט פֿאַרשטיין,
אַז אַף אַזויפֿיל מאָל — גוט, איין מאָל —
שלעכט, איז שוין קיין פּעטרישקע ניט ווערט.

# א מײַסעלע װעגן דעם, װאָס ס׳איז שוין ניטאָ

א װעסנע־װינטעלע האָט שטארק געאײַלט,
קימאט געפלױגן
און פלוצעם זיך פארפלאָנטעט אין א גרײַז־גראָװער
באָרד.

א, סארא װינטעלע,
אײַ, סארא װארעמס,
װי נאָרװאָס פונעם אױװון, צוגעקימלט מיט קימל, —
האָט געקװיקט זיך שלױמע־בער דער בעקער.
ניט געקענט זיך מיט דעם צעשײדן.
האָט אָבער דאָס װינטעלע צוגעזאָגט דעם אפטײקער
נאָך הײַנט אראָפּבלאָזן דעם שטױב פון זײַנע ברילן.
זײ זעען ניט, אין װעלכן פּודעלע ליגן די מיאטנע פּילן.
ס׳איז אװאדע א גרױס ראכמאָנעס אף שלױמע־בער דעם
בעקער,
נאָר א װאָרט איז א װאָרט,
דארף מען צוײַלן. פאר דער ארבעט האָט עס באקומען ניט
קײן האלבע,
ניט קײן פערטל,
נאָר א גאנצע קײַלעכדיקע פּיל.
ניט באװיזן האָט דאָס װינטעלע
אפילע א לעק טאָן די מיאטנע פּיל,
האָט זי א שפרונג געטאָן און איז אנטלאָפן.
יאָגט דאָס װינטעלע און, דאכט זיך,

שוין דעריאָגט,
טוט די פּיל ווידעראַמאָל א שפּרונג
אַף א שטעלעכל פון צוקערקע־העגעכלעך,
דאָס ווינטעלע נאָך דעם,
טוט די פּיל א שפּרונג אַף א שטעלעכל פון שאָקאָלאַד־
העזעלעך,
דאָס ווינטעלע נאָך דעם,
טוט די פּיל א שפּרונג אַף א שטעלעכל פון צוקער־פערדעלעך,
שטייט א צוקער־פערדעלע צוגעבונדן צום צוקער־פּארקן,
בינדט דאָס ווינטעלע אָפּ דאָס צוקער־צײַמל,
זעצט זיך אַפן צוקער־זאָטעלע און הײַדא:
— גיי דעריאָג מיך.

פארשטייט זיך,
דאָס ווינטעלע וואָלט איינס און צוויי,
מיסטאמע, געכאפּט די פּיל,
ווען פּלוצעם דערהערט עס ניט, ווי ס׳כליפּעט א קינד:
— כ׳קען ניט אופוועקן מײַן פארכושטן סאָד!
— ווּ זשע וואקסט דײַן פארקישעפּטער סאָד? —
פרעגט דאָס ווינטעלע בא הענעק־בענעקן.
— אַף די פּאָלעס פון מײַן עלטערבאָבעס שטרויענעם הוט.
— און ווּ זשע געפינט זיך דײַן עלטערבאָבעס
שטרויענער הוט?
— ער געפינט זיך אין א קרום־קײַלעכיק געסעלע,
אין א קרום־קײַלעכיק שטיבל,
אַף א קרום־קײַלעכיקן בוידעם.

— וויין ניט, הענעק־בענעק, —
זאָגט דאָס ווינטעלע. —
קום, לאָמיר פליִען.
איינס־צוויי און זיי זײַנען שוין אַפן אָרט.
א סקריפּע געטאָן האָט די פירטקע,
וואָס איז שוין ניטאָ,
א ציטער געטאָן האָט א בלעטל אַף דעם בוים,

וואָס איז שוין ניטאָ,
א קרעכץ האָט געטאָן דער לייטער,
וועלכער איז שוין ניטאָ.
הענעק־בענעק און דאָס ווינטעלע האָבן זיך אופגעהויבן
אף די שפּיץ פינגער אף דעם בוידעם,
וואָס איז שוין ניטאָ.
א בלאָז האָט געטאָן דאָס ווארעמע ווינטעלע
און אופגעוועקט פון שלאָף די געלע פּערעשקעס,
די גרינע ווײַנטרויבן,
די רויטע ווײַנשל,
די שווארצע פלוימען,
די עפּל, די בארן.
אופגעוועקט דעם סאָד
אף די ברייטע פּאָלעס
פון הענעק־בענעקס עלטערבאָבעס שטרויענעם הוט.

און אצינד ווילט איר מיסטאמע וויסן,
ווו איז דאָס ווינטעלע?
בעסאָד־סוידעס קען איך אײַך זאָגן:
— שוין העכער זעכציק יאָר...
עס סווישטשעט בא מיר אין קאָפּ,
עס סווישטשעט מיר לידעלעך
און מײַסעלעך וועגן דעם,
וואָס ס׳איז שוין נישטאָ
און ס׳וועט קיינמאָל שוין ניט זײַן.

## דעם קיניגס צעפל

אמאָל, אמאָל, אין יענע יאָרן,
ווען דער אינדיק מיט דער אינדעטשקע
פלעגן אין קארעטעס פאָרן,
ווען געגנדז האָבן געטראָגן אָרדענס,
גאָנערס — עפּאָלעטן,
און גלאט אזוי בעהיימעס —
צילינדערס און לאָרנעטן,

האָט געהערשט בעקאָוועד־גאָדל,
מיט מאזל און מיט גליק,
דער הויכגעשעצטער קיניג שעבעקיניג
איידל־דאָדל־סמיק.

יעדן איז געווען באקאנט
אין דעם מאנדארינען־לאנד,
אז טײַערער פונעם קיניגס גילד׳נעם געוואנט
און פון זײַן ברילִיאנטענעם קאָפּ אפילע
איז זײַן גלאנציקער פּאריק,
וואָס פלעגט באשײַנען אלץ און אלעמען
מיט כעסעד און מיט גליק.

האָט מען געבייגט זיך, געבוקט זיך
פארן געטלעכן פּאריק
פונעם הויכגעשעצטן קיניג שעבעקיניג
איידל־דאָדל־סמיק.

די שײַן פון פאריק זאָל, כאָלילע, ניט בלענדן,
האָט מען געקוקט אפן צעפּל נאָר,
וואָס פלעגט זיך טעלעבענדען
אפן קיניגלעכן קארק.
ניט אָנגערופן, כאָלילע, דעם שעם פון גאָר־גאָר —
געזאָגט נאָר: ס׳צעפּל גייט! ס׳צעפּל ניסט!
לעבן זאָל עס הונדערט צוואנציק יאָר!

בוקט זיך שוין די גאנצע איידע
פארן צעפּל פון פאריק
פונעם הויכגעשעצטן קיניג שעבעקיניג
איידל־דאָדל־סמיק.

פּלוצעם פליט א פויגל אָן —
פון ערגעץ ווײַטע לענדער, קענטיק,
שארף דער שנאָבל, שארף די טלאָען,
קוקט פון אויבן — דאכט, א וואָרעם...
ווארפט ער זיך, דער ווילדער מאזיק:
כאפּ! און טראָגט אוועק דאָס צעפּל
מיטן געטלעכן פאריק.

קאָהאָל טומלט, א יעלאָלע,
וויינט — א שטראָם פון טרערן גיסט זיך, —
און פארגעסט דעם קיניג שעבעקיניג,
וואָס וואלגערט, נעבעך, שוין אין מיסט זיך...

איז פארבליבן בלויז די מײַסע:
„אמאָל, אמאָל, אין יענע יאָרן...״
איבערכאזערן פונדאָסנײַ זי,
וועט איר מיר מיסטאם ניט גלייבן...
פרעגן: „אין וועלכן יאָר איז דאָס געווען?״
ווי זשע קאָן איך אײַך דערווײַזן,
אז ס׳איז טאקע געשען?

אָן דעם צעפּל, דעם פּאַריק
איז דאָ פאַרבליבן בלויז א „פּשיק"
פונעם הויכגעשעצטן קיניג שעבעקיניג
איידל־דאָדל־סמיק.

## די שטרויענע פּריצע

אַמאָל און אַמאָל, נאָך אין יענע יאָרן,
ווען אינדיקעס פּלעגן אין די קאַרעטעס פאָרן,
ווען די לאָשעקעס האָבן געטראָגן שטיבלעטן,
די הענער שפּאָרן, די גאָנערס עפּאָלעטן
און זאַטע ציגן, געשטאָפּט קיין אײַנהאָרע,
פּלעגן זיך מעלקן מיט זיסער ציקאָריע, —

טאַקע אין יענע יאָרן האָט אַ הונגעריק קינד
ניט געקענט אײַנשלאָפן ווערן,
געוויינט, געכליפּעט און האָט פאַרלוירן
די סאַמע שענסטע צוויי טרערן.

דאָרף פּאַסירן אין אַ מיטן מיטוואָך —
צום גאָלדשמידער יוינע־איציע
פירט צו אַ פּאַעטאָן ביז צו טיר
אַ דאַרע יעפּייפּע — אַ שטרויענע פּריצע.

זי נעמט אַרויס פון פּליושן קעסטעלע
צוויי ליכטיקע שטערן —
אַ מאַטאָנע, וואָס האָבן איר געשענקט
די שטרויענע קאַוואַליערן.

— מײַסטער, — זאָגט די שטרויענע פּריצע, —
כ׳וויל, דו זאָלסט גוט באַקלערן

און אָפּשאצן, וואָס האָבן די ווערט
אָט אזעלכע צוויי ליכטיקע שטערן.

שיר ניט געכאלעשט האָט יוינע־איציע —
נאָך ניט געזען אזוינס זינט געבוירן!
פאראן דען א פּרײַז אף זויבערע טרערן,
וואָס א קינד האָט פארלוירן?

די פּריצע האָט זיך אזש אָנגעצונדן,
פארלוירן דעם זינען דעם קלאָרן.
און ביז עפּעס וואָס און ביז עפּעס ווען,
ווי א קוליע שטרוי פארברענט געוואָרן.

# די וועלט איז א כאָלעם

דער כעלעמער כאָכעם שפּאנט איבערן פינצטערן צימער
און טראכט:
ס׳איז גאָרנישט ניט פאראן! ס׳איז אלץ נאָר אויסגעדאכט.
נישטאָ קיין הימל, נישטאָ קיין ערד, נישטאָ קיין שטערן,
נישטאָ קיין כוישעך, קיין ליכט, קיין זײַן און ווערן!

די וועלט איז א כאָלעם, אונדזער דימיען בלויז!
שפּאנט ער אזוי איבערן פינצטערן הויז
פארשמײַעט, פארטאָן אין דעם טיפן געדאנק
און שלאָגט זיך אָן בא דער שארף פון א באנק.

טוט ער א שמייכל און מאכט אף צוריק א שפּאן.
— אפּאָנעם, — זאָגט ער, — אז א באנק איז יאָ פאראן!..

## מײַן ירושה

מײַן זיידע, אָלעווהאשאָלעם, האָט פאַרן טויט,
כ׳זאָל אף אים כאָלילע ניט האָבן קיין פאַריבל,
פאַרזאָגט און געכאַסמעט פאַר מיר בעיערושע
זײַן טײַערן, זײַן אלטמאָדישן זייגער־ציבל.

דאַרף אָבער פּרײַטיק זיך טרעפן אַן אומגליק,
מײַן צעטראָגענע, מײַן קורצזיכטיקע סאָרע־סאָסל
כאַפּט אלפּי־טאָעס מײַן זיידנס זייגער־ציבל
און פאַרברוינט מיט אים דעם ראָסל.

פון דעמלט אָן זוך איך א מײַסטער
מיט גאָלדענע הענט און מיט א לויטערן קאָפּ.
עפּעס איז אין מיר קאַליע געוואָרן —
אָדער איך לויף, אָדער איך שטיי אָפּ.

## מײַן זיידנס בוך

אין מײַן זיידנס סידור
אויפֿן דריטן בלעטל
האָט א ווערעמל א ווערעמדיקס
זיך אויסגעבויט א שטעטל:

די גאסן און די געסלעך
קרום־קײַלעכדיק פארדרייטע,
די גאנעקלעך, די בוידעמלעך
אזוי ווי אויסגעדנייטע.

און דאָרטן אין די אלקערלעך
געלעבט עס וואָלט ביז הײַנט,
די ביידע טאָוולען לעדערנע
געהריזעט און געקײַט.

און איך וואָלט פֿון דעם ווערעמל
אפילו ניט געקלערט
און ווייסן ניט געוווּסט דערפֿון
און הערן ניט געהערט,

אז ס׳איז דאָ אזא באשעפעניש,
וואָס ווייסט ניט פֿון דערפֿון,
וואָס אזוינס לעוואָנע הייסט
און וואָס אזוינס הייסט זון,

וואָס אזוינס א ריטשקע איז,
וואָס איז קעלט און היץ,
און ניט געהערט קיין דונערן
און ניט געזען קיין בליץ.

ניט געוווּסט אויך פון קיין רויזן,
אפילע ניט געשמעקט, מיר דוכט.
זיס און ביטערס אף זײַן לעבן
קיינמאָל ניט געפּרווּווט.

## מײַן זיידע רעב יִצחָק

ניט הײַנט, ניט נעכטן,
און ווייס אויך, אַז ניט פאראיאָרן
איז מײַן זיידע רעב יִצחָק
געוווירע געוואָרן —
אַף יענער זײַט נאכט
און עפשער נאָך ווײַטער
האָבן פאר צענדליקער יאָרן
די ליכט אין די לײַכטער
אָנגעטריפט א כאָלעם־שטאָט פון כיילעוו.
ניט איבערצוטרײַבן,
אזא שיינקײַט האָט נאָך קיינער ניט
געפּרווּוט זיך באשרײַבן.
פון כאָלעם די טורעמס,
די הײַזער, די בוימער,
און ס׳ווּינען דאָרטן,
זאָגט מען, פארכאָלעמטע טרוימער.

האָט מײַן זיידע רעב יִצחָק
אפן ניכטערן מאָגן
די קליאטשע די בלינדע
געשפּאנט אינעם וואָגן,
זיך צעקושט מיט דער באָבען
און אף גאָטס באראָט
אוועקגעהינקט זוכן

די פֿארכאָלעמטע שטאָט.
אײַ, וואָס דארף דאָרט
מײַן זיידע, זאָל לעבן,
קען ער אליין זיך
קיין ענטפֿער ניט געבן.

* * *

ווילסטו — ווייז,
ווילסטו — לאך,
הערט א מעַסע,
הערט א זאך.

נעם איך נאָר
און דריי מיר אָן
אונדזער אלטן
פאטעפאָן,

דאכט זיך אויס
צום אלעם ערשטן,
אז ער שיט
מיט באָב און גערשטן,

ווי א האָגל
אף א דאך.
הערט א מעַסע,
הערט א זאך.

נאָכדעם פּלוצעם
מיטאמאָל
נעמט ער
מיט זײַן טעמפּן קאָל,

ווי א בינעלע
מעריקען,
היקען, היקען,
היקען, היקען,

ניט קיין וואָלעכל,
ניט קיין שער,
ניט אהין
און ניט אהער.

ביז מע טוט אים
ניט קיין פּיק,
מאכט ער שטענדיק
פוילע שטיק.

ווילסטו — וויין,
ווילסטו — לאך,
הערט א מײַסע,
הערט א זאך.

## מאמעליגע

מאמעליגע, מאמעליגע
עסט מען אָן א מעסער,
און מע כאפּט א גלעזעלע
פון די אלטע פּעסער.

מאמעליגע, מאמעליגע,
אוי, דו פערעאָדאָם!
מאמעליגע, מאמעליגע
שנײַדט מען מיט א פאָדעם.

— מאמעליגע, מאמעליגע
הייסע זון א טעלער.
לאָזט זשע מיך, לאָזט זשע מיך
זיך אָפּקילן אין קעלער.

שענק זשע מיר א דודעלע,
א פּײַפעלע, מײַן כאווער,
וועל איך אויסשפּילן דעם ווײַן
א ניגן א מאָלדאווער.

אוי, אוי, אוי, א לידעלע,
א ניגן — „בודטי זדאָראָווי",
און טאָמער טוט איר נאָר א פּיפּס,
אנטלויף איך קיין מאָלדאָווע.

# אין פּאַריזש

אין פּאַריזש, אין פּאַריזש
וווינען, זאָגט מען, אייד׳לע פּיש,

טאָמער עסט איר פּיש מיט כריין
און איך טוט א שטאָך א ביין.

בעטן באַלד אליין די שלײַען
מוחל זײַן און זיי פאַרצײַען,

און זיי שווערן בא דעם לעבן,
קיינמאָל איך קיין שטאָך ניט געבן.

אין פּאַריזש, אין פּאַריזש
וווינען, זאָגט מען, אייד׳לע פּיש.

## מע זאָגט

מע זאָגט, אַז באַם טײַך סענע,
צוריק מיט אַ פּאָר טעג,
געלאָזט האָבן די שלײַען
אַ בריוול אױפֿן ברעג:

„טאָמער עמעץ דאַרף אונדז —
אומזיסט זײַן טירכע הײַנט,
מיר שװימען עסן פֿיש־יויך
בײַ אונדזערן אַ פֿרײַנט".

# דער ריקשע

ווער ס׳קען ניט יונסענען,
דער קען ניט פארשטיין,
אז א מענטש אין די יאָרן
זאָל פאמעלעך ניט גיין.

נאָך עפּעס א קליינינקייט —
א שוועבעלע קויפן
יונסען וועט ניט גיין,
יונסען וועט אייך לויפן.

ווער ס׳קען ניט יונסענען,
דער קען ניט פארשטיין —
א געוועזענער ריקשע
איז אָפּגעוווינט גיין...

## וואגט ניט

כ׳גיי ארום א פארליבטער ערשט איצט אף דער עלטער,
מעשוגע צו ווערן — דאָס לעבן געפעלט מיר.

וועל איך באם שנײַדער א סערדעט באשטעלן פון טרוימען,
באם קירזשנער — א קאפעליוש מיט אן עמעסן קוימען.

א ליבע פארלעשן איז דער טויט ניט בעקויך.
פלאמט זי אין הארצן און שטיקט זיך אין אייגענעם רויך.

לאָזט א מעשוגענעם ארומלויפן אין די גאסן,
כ׳האָב אונטערגעצונדן אונטער זיך די אָפּצאסן.

וואגט ניט דאָס מעשוגאס מײַנס צו באדויערן,
כ׳בין ווידער פארליבט ביז איבער די אויערן.

# קראָסנע

געווידמעט מײַנע לאַנדסלײַט

עפּשער איז מײַן שטעטעלע
גאָר קיינמאָל ניט געווען?
עפּשער האָב איך, קראָסנע[1],
אין כאָלעם דיך געזען?

עפּשער האָט מײַן מאַמע
אויסגעבענקט דײַן שטילקײַט?
עפּשער האָט מײַן קאַלע
אויסגעהעפּט דײַן מילדקײַט?

עפּשער, ווי דאָס ציגעלע,
פֿאַר די קינדערסוועגן
ביסט געפֿאָרן קויפֿן
אַ זומערדיקן רעגן?

האָט עמעצער געגעבן
דעם בייזן וואָלף צו וויסן,
האָט ער דיך אינמיטן וועג
אַף שטיקעלעך צעריסן.

---

[1] אַ שטעטעלע אין וויניצער געגנט.

עפשער אָט די ביימער,
וואָס שטייען אפן גאס, —
איז ייִדל מיטן פידל
און בערל מיטן באס?

און עפשער... און עפשער...
זע איך אלץ אין שלאָף?
עפשער איז מײַן קינדהײַט
א כאָלעם אָן א סאָף...

## עטלעכע ווערטער
## צו מײַנע לייענער

וואָס פאר א דיכטער
וואָלט ניט וועלן,
אז זײַנע לידער
זאָלן געפעלן.

ער זאָל וויסן,
אז אויסנווייניק
קענען די קינדער
„די בריוו צו זײַן אייניק״,

„דאָס ליד פונעם שלײַפער״,
„דאָס ליד פונעם שמידער״,
דאָס גאנצע ביכל
מיט זײַנע לידער.

וויסן, אז ניט אומזיסט
ער קויפט אָן א שיר
מעקערס און קלעקערס
און טינט מיט פאפיר.

וואָס פאר א דיכטער
וויל ניט וויסן,
אז עפעס קאָן מען
פון זײַן שרײַבן געניסן.

אז דער, וואָס ער לייענט עס,
פֿאַרטיפֿט זיך אַזוי,
דערלאַנג — וועט ער קײַען
אַ פּאַראַיאָריקע שטרוי.

פֿונדעסטוועגן מיין איך,
אַז עס איז גאָרניט קעדײַ,
איר זאָלט לייענען מײַן ביכל,
ווען איר זיצט אין טראַמוויי.

בעסער ניט וויסן
פֿון מײַן ביכל קיין וואָרט,
נאָר אָפּטרעטן אָפּטער
אַ באַיאָרטן דאָס אָרט.

## צוויי ברעטער

זײַן צימער — א שפּאן,
צוויי ברעטער — זײַן בעט,
אופכאפּן פון שלאָף וועט זיך
באנאכט דער פּאָעט.

דאָס הארטע געלעגער
פארגראמען ער וועט,
צוויי הארציקע שורעס
וועט ווערן זײַן בעט.

פּרוּווט אײַך — און מאכט אים
א געלעגער פאר געטער,
וועט ער ניט בײַטן
אף זײַנע צוויי ברעטער.

## די שין

מײַן קינד, וואָס קען ניט קיין ייִדיש,
זאָגט, אַז די שין וואָלט מען געקענט אוועקשטעלן
אױפֿן פֿענצטער נעענטער צו דער זון, וואָלט אויסגעוואַקסן
פֿון די דרײַ בוטאָנען קווייטן...
שײַן,
שאָלעם,
שטערן.

## קאיאָר

כ׳האָב ליב די שפּיל
פון מעש מיט גרינעם,
דעם קילן ציטער
פון נאכט מיט גינען.

כאָטש דער טאָג
איז נאָך ניט אויסגעטראָגן,
נאָך שלעפעריק איז
זײַן גוטמאָרגן,

נאָר פון אלע שפּאלטן,
פון אלע גריבער
די מילך און דער האָניק
רינט שוין אריבער.

## מיט וואָס באַצאָלן

אָ, ווען איך בין א הימל,
וואָלט איך באַצאָלט אײַך מיט שטערן.
אָ, ווען איך בין א פיש,
וואָלט איך געצאָלט מיט גאָלדענער ליסקע.

ווען איך בין א בוים,
וואָלט איך געצאָלט מיט מאראנצן.
ווען איך בין א יאם,
וואָלט איך געצאָלט אײַך מיט פערל.

ווען איך בין א נאָדל, וואָלט איך געצאָלט
מיט קליידונג,
ווען איך בין א פײַער — מיט ווארעם.
לאָמיר אויסטרינקען פאר דעם אלעם.

## טיי מיט שטערן

אַך,
ווען אַלץ
זאָל קאָנען
זיך אומקערן צוריק!
צו מיר —
אויפן שפּיץ מעסער
מײַן שטיקעלע גליק,

צו דער געשאָכטענער גאַנדז —
דער פלעדערוויש,
צום טרוקענעם טײַך —
דער גאָלדענער פיש,
צו אים,
צו מײַן בעניאָכיד —
די כאַלעם־קאָלירן
פון לאַנג־געפּלאַצטע
זייף־פּוכירן,

די נעכטיקע נאַכט,
וואָס האָט טיי מיט שטערן
דעם קינד געבראַכט.
שלאָף זשע, שלאָף,
מײַן נאַרעלע, שלאָף,
טרוימען האָבן ניט קיין סאָף.

## צום זון

— וואָס איז א טאַטע?
א טאַטע איז אַלץ:
דײַן בלוט און דײַן אָטעם,
דײַן ברויט מיט דײַן זאַלץ.

איז האָב עס אין זינען,
איך זאָג עס דיר הײַנט,
ווי דײַנער א פאָטער,
ווי דײַנער א פרײַנט:

— דאָס לעבן פאר דיר
וועט קיין טעפּיך ניט שפּרייטן,
און טאָמער באדארפסטו
פון איין ברעג צום צווייטן, —
מע וועט דיר ניט צי׳ען
קיין זוניקע בריקן,
דאָס גאָלדענע שיפל
אנטקעגן ניט שיקן,
וועסט דארפן, מײַן ליבער,
אליין זיך באמי׳ען
אין דײַנע פאָר שטיוול
די כוואַליעס אריבער.

ערשט דאַן וועט מײַן עלטער דיר ווערן
פארטרויט,

ערשט דאַן וועל איך פֿילן דעם טאַם פֿון דײַן
ברויט.

זע, טאָמער וואַקסטו אויס אַ הונט,
אַ הונט, מײַן יונגערמאַנטשיק,
זאָלסטו האָבן צו געדענקען,
אַז ס'איז דאָ אַ קאַנטשיק.

1957

# א זון מיט א רעגן

א זון מיט א רעגן
אין דרויסן אצינד,
דערמאָנט מיר דער הימל
מײַן פּיצעלע קינד.
די טרייסט פון מײַן עלטער,
די אייניקלעך מײַנע,
קאָנען אויכעט איינצײַטיק
אי וויינען,
אי שײַנען.

* * *

טאָמער געפינסטו
א שאַרפשטיינדל פון זאמד,
דאָס מעסערל טעמפּע
וועסט אָנשאַרפן באלד,
דאָס זעגל וועט זעגן,
דאָס שערל וועט שערן,
א מענטש נאָר א טעמפּער
וועט שאַרפער ניט ווערן.

## די וואָג

פאַראַנען אַ וואָג
מיט ווײַזערלעך לינדע —
אַ וואָג, וואָס מע וועגט אױף איר
פּיצעלעך קינדער.

דער קלייטניק וועגט
קאַרטאָפל אַ קאָשעק,
עס וועגט דער אַפּטייקער —
אַ זעלטענעם פּראָשעק.

נאָר מײַן וואָג מע קויפט ניט
אין ערגעץ פאַר געלט,
ס׳האָט קיינער מײַן וואָג
ניט געזען אױף דער וועלט.

נאָר דאָך דאַרף איך זאָגן,
אַז כ׳וועג אָפּ פּאָרט
שטענדיק און טאָמיד
יעדער מײַן וואָרט.

## וואָס ווו איז באהאלטן

ביימער באהאלטן
די וואָרצלען אין דער ערד,
דער זעלנער אין שיידל
זײַן שטאָלענע שווערד.

א יאָדער א זיסער
באהאלט זיך אין ניסל,
דער קעז אין די קנישעס,
וואָס זײַנען אין שיסל.

אונטער דער שאָלעכץ
דער ווײַסער, ווי שניי,
פארבאָרגן עס האָט זיך
דאָס געלכל פון איי.

און נאָר בײַ די מענטשן,
די ווילדע נאראָנים,
ליגט דער טיפעש
אפן פּאָנעם.

## זשוטשקע

כוץ א שטיקל צוקער,
א געשמאקן ביין,
דארף מײַן הינטל גאָרניט,
האווקען — איינמאָל ניין.

נאָר הײַנט, ווען טיר־און־טויער
שטיי׳ן אף זיבן שלעסער,
צעהאווקעט זיך מײַן זשוטשקע,
ווי אף א גאזלען מיט א מעסער.

מיין איך, אף מײַן לעבן
לויערט א סאקאָנע,
לאָזט זיך אויס — מײַן זשוטשקע
בילט אף דער לעוואָנע.

* * *

זינט אין א טײַך
איז מײַן היטל אראָפּ,
טראָג איך פון דעמלט
א טויב אף מײַן קאָפּ.

נאָר דער, וואָס סע ווייסט ניט,
מיינט, איך בין גרוי,
אזוי ווי דער אש
פון א טרוקענער שטרוי.

## טעג פון גרויסן שווײַגן

סאָף יאָרן
וועט שוין קיינער ניט לײַגן,
עס קומען די טעג
פון גרויסן שווײַגן.

פון שטילן ווארטן,
פון זיסן צאנקען,
פון וועלן דאָס מינדסטע
גרעזל באדאנקען.

טעג פון טײַנעס
צו זיך אליין,
פון וועלן א קוש טאָן
אפילע א שטיין.

## כ׳ווייס ניט

מיר זײַנען אין אַ קרײַז געשטאַנען
און יעדער וואָרט געשלונגען פון איר מויל.
געגאַן אַ רייד איז וועגן טיציאַנען,
וועגן קונסט, וואָס זעט דעם מענטשן הויל.

נאָר איך, איך ווייס ניט, ווער איז שענער,
ווער פון ביידע איז דעם האַרצן מערער מילד,
צי די, וואָס שטייט אין קרײַז פון מענער,
צי די, וואָס קוקט אַרויס פון בילד.

# כאנעלע

— עפשער זאָל איך, כאנעלע,
ווען קיינער וועט ניט זײַן,
ווען טיר־און־טויער צוגעמאכט
און צוגעדרייט די שײַן;

עפשער זאָל איך, כאנעלע,
דיר אָנקלאפּן אין טיר,
איין מאָל און צוויי מאָל
און דרײַ מאָל און פיר...

— אוי, מאָטעלע, מעשומעד!
דו רייד צו מיר ניט בעסער!
וואָס טו איך, אז עס קלאפּט גאָר
א גאזלען מיט א מעסער?

אָנגעקלאפּט און אָפּגערויבט
און זוך אים אויף דער וועלט.
אוי, צוזאָגן, אוי, ליב האָבן
קאָסט דאָך ניט קיין געלט!

— עפשער זאָל איך, כאנעלע,
ווען קיינער וועט ניט זײַן,
ווען טיר־און־טויער צוגעמאכט
און צוגעדרייט די שײַן;

עפשער זאָל איך אָנקלאפּן
אין פענצטערל צו דיר,
איין מאָל און צוויי מאָל
און דרײַ מאָל און פיר...

— אוי, מאַטעלע, מעשומעד,
דו מיינסט, איך בין א קינד,
וואָס טו איך, אז עס קלאפּט גאָר
אין פענצטערל דער ווינט?

אָנגעקלאפּט און אָפּגענארט —
און זוך אים אף דער וועלט!
אוי, ליב האָבן, אוי, צוזאָגן
קאָסט דאָך ניט קיין געלט.

# א וואַלעכל

מיט שיַע בען שיַע איז א מײַסע פארלאָפן,
שיר־שיר ווערט ער נעכטן אף אייביק אנשלאָפן.

איילי־ליולי,
איילי־ליולי.

ניט פון געכאפּטע קאלטע קלעפּ און ניט פון הייסע פעטש,
עס האָבן אים די ענגע שיך זייער שטארק געקוועטשט.

איילי־ליולי,
איילי־ליולי.

האָט שיַע בען שיַע זיך יאַמערלעך געזונגען
און אזש ביז דער סטעליע פון ווייטעק געשפּרונגען.

איילי־ליולי,
איילי־ליולי.

נאָר ניט אויסגעטאָן די שיך, געבערשטלט ביז א גלאנץ,
זאָל די וועלט זיך מיינען, אז א וואָלעכל ער טאנצט.

איילי־ליולי,
איילי־ליולי.

## מײַן שײנער

בין איך מיר געגאנגען
שטיװועלעך צו קויפן,
ניט אזוי די שטיװועלעך
װי זיך דורכצולויפן.

דורך די גרינע גראָזן,
דורך די פעלדער ברײטע,
װוּ עס װאקסן בא דעם װעג
רויטע מאָנען־קװײטן.

רויטע קװײטן זײַנען שײן —
שענער איז מײַן שײנער,
רויטע קװײטן דאָ א סאך —
נאָר מײַן ליבער — אײנער.

װי א שטערן אײן־אלײן
פליט פון הימל שװארצן,
קומט די ליבע, טוט א קלאפּ
אין פענצטערל פון הארצן.

טאטע־מאמע פרעגן מיך:
— װוּ איז דײַן באשערטער?
— טאטע־מאמע, — זאָג איך זײ
מיט אזוינע װערטער:

— אײַער לעבן שטעלט אײַך פֿאָר,
ווי א זון א גרויסע,
צו דער העלער גרויסער זון
שווארצע וואָלקן פויזען.

פֿריילעך לעבן אין דער שטוב —
נאָר אף אָנצוקוועלן!
וועט איר סאָנים דאָך ניט לאָזן
איבערגיין די שוועלן?

זײַנען היטער בא דער גרענעץ
טאָג און נאכט פאראנען,
אונדזער לעבן היטן זיי,
טיפֿע פריידן־יאמען.

— טאטע־מאמע, — ענטפֿער איך
מיט אזוינע ווערטער, —
צווישן יענע היטער איז
פאראנען מײַן באשערטער.

זאָגט צו מיר מײַן שוועסטער־לעבן
ווערטער אומגעריכטע:
— בא מיר וואקסן אלערליי,
אין א וואלד געדיכטן,

ווינט און רעגן, קעלט און פינצטער
מונטערקײַט פארטרײַבן, —
קען דען וואכקײַט בא דײַן באָכער
שטענדיק איבערבלײַבן?

ענטפֿער איך מײַן שוועסטער־לעבן:
— שטענדיק וואך מײַן שיינער,
ווי די צווײַגן פון א דעמב
זײַנע שטארקע ביינער.

סײַ אין רעגן, סײַ אין ווינט,
סײַ אין קעלט און פינצטער,
וואך זײַן אויער און פארנעמט
אלע שאָרכן מינדסטע.

שטעלט א סוינע נאָר א פוס
אף די גראָזן ווייכע,
ברעכט א צווײַגעלע זיך אײַן,
ס׳טוט צום אויער גרייכן,

שטענדיק מונטער, שטענדיק וואך,
קיינמאָל ניט קיין מידער —
וואקסט ער פאר די סאָנים אויס
מיט אײַזן־פעסטע גלידער.

בעטן מיך די ברידער מײַנע:
— מוזסט אונדז, שוועסטער, זאָגן,
פײַל פון בויגן פליט א הירש,
צי וועט ער אים דעריאָגן?

ענטפער איך די ברידער מײַנע,
— ס׳האָט אזוינס געטראָפן:
דורך דער גרענעץ איז א סוינע,
ווי א הירש אנטלאָפן.

ווינטער־צײַט געוועזן דעמלט,
שניי און ווינט אנטקעגן,
פלינק געלאָפן איז מײַן שיינער
באָרוועס איבער וועגן.

אלדאָס שווערע אָפּגעוואָרפן,
לײַכטער זײַן דעריאָגן, —
אָט אזוינע זין געטרײַע
טוט מײַן לאנד פארמאָגן!

שווער געאָטעמט האָט זײַן ברוסט,
געפּרווירן זײַנען פינגער,
פּײַל פון בויגן יאָגט דער סוינע —
נאָר מײַן שיינער פלינקער.

אָנגעיאָגט, דעריאָגט אים — שטיי!
ריר זיך ניט פון אָרט!
ברידער מײַנע, יונגע ברידער —
אָט איז אײַך מײַן וואָרט!

קומען כאַווערטעס געטרײַע,
קומען מיך באַגלייטן,
ברענגען מיר די כאַווערטעס
גרויסע רויטע קווייטן.

זיי דערלאַנגען מיר די קווייטן
מיט אַזוינע ווערטער:
— שענער זײַנען קווייטן,
צי שענער דײַן באַשערטער?

— רויטע קווייטן זײַנען שיין,
שענער איז מײַן שיינער,
רויטע קווייטן דאָ אַ סאַך,
נאָר מײַן ליבער — איינער.

# גיי טרעף

גיי און טרעף,
וואָס מאָרגן וועט זײַן —
פול צי ליידיק
דער בעכער מיט ווײַן.

גיי און טרעף,
וואָס מאָרגן קאָן געשען:
א שטומער קאָן אָנהייבן רעדן,
א בלינדער — אָנהייבן זען.

נאָר זאָל די וועלט
שטעלן זיך קאפויר,
וועט די לייביכע קיינמאָל
ניט געבוירן קיין טכויר.

* * *

פון דאָרף צו דאָרף,
פון קליין צו גרויס
געגאַן איז א לידל
טאָג־איַין, טאָג־אויס.

באַם וועוורִיק גענעכטיקט,
באַם פיקסל געטאָגט,
באַם וואָלף אף דער פלייצע
רײַטנדיק געיאָגט.

געוואָלט האָט מײַן לידל
א קוק טאָן אליין,
צי לייגן זיך שלאָפן
די קינדער, צי ניין.

בא וועמען אף דער עמעס
די אויגן פארמאכט,
דעם האָט מײַן לידל
א ניסל געבראכט.

# צווייַ טרערן

עס האָבן זיך טרערן
אין וואנדער באגעגנט
און האָבן אין וועג זיך
אינגיכן געזעגנט:

— אוי, זייַ געזונט, מייַן שוועסטער,
אוי, שוועסטערקע מייַן,
אוי, ווי וועט דייַן אָפּרו
אצינדערט־אָ זייַן?

— מייַן אָפּרו וועט זייַן
אין אן אומגליקלעך הארץ.
מייַן וועג איז א וויַיטער
און טרויעריק שווארץ.

— אוי, זייַ געזונט, מייַן שוועסטער,
מייַן שוועסטערקע־לייד,
און איך וועל מיר זוכן
מייַן ליכטיקע פרייד.

און אויב דו וועסט ווען
זיך זעען מיט מיר,
הער אונטער זיך שטיל
הינטער יעדערנס טיר.

און דאָרט, ווו וועסט הערן
געלעכטער און פרייד,
דאָרטן געפינסטו מיך,
שוועסטערקע־לייד.

## ביז אזעלעכס האָט
## ניט געטראָפן

דער, וואָס וויל
באנאכט ניט שלאָפן
און ער האלט
די אויגן אָפן,
שטערט דעם ביימל
גרין צו ווערן
און דער קווייט
די דופטן מערן.
שטערט דעם הירש
באם טײַכל קנײַען,
און דער כײַע
באם שארײַען.
דער, וואָס וויל
באנאכט ניט שלאָפן
און ער האלט די אויגן אָפן,
קאָן דאָס ביימל
איבערשרעקן,
וועט עס בלײַבן
ווי א שטעקן,
און די קווייט
וועט זיך פארשליסן
און ניט וועלן
פון אונדז וויסן.

ס׳וועט דער הירש
ניט וועלן קני׳ען
בא דעם טײַכל
אין שאַרי׳ען.
ביז אזוינס האָט
ניט געטראָפן,
לאָמיר בעסער
שלאָפן, שלאָפן.

## אויך עפּעס וואָס

א דאָקטער היילט מענטשן,
א שלאָסער — דעם שלאָס,
און דער, וואָס גלעזט פענצטער,
איז אויך עפּעס וואָס.

א שטוב אָן א הימל —
א מענטש, וואָס איז בלינד,
א שטוב אָן א שטראַלכל —
א וויג אָן א קינד.

א שערער שערט מענטשן,
א שניטער — דאָס גראָז,
און דער, וואָס מאַכט מעבל,
איז אויך עפּעס וואָס.

א שטוב אָן א טישל —
א מענטש אָן די הענט.
א שטוב אָן א בענקל
איז הוילע פיר ווענט.

א גאָלדשמידער מאַכט אונדז
א גאָלדענעם קאָס,
און דער, וואָס מאַכט אויוונס,
איז אויך עפּעס וואָס.

א שטוב אָן א בעכער —
א יעגער אָן שרויט.
א שטוב אָן אן אויוון —
שמעקט ניט מיט ברויט.

א שנײַדער נייט קליידער
פּונקט צו דער מאָס,
און דער, וואָס מאכט שטיוול,
איז אויך עפּעס וואָס.

אויב ניט, וואָלסטו, קינד מײַנס,
מײַן גאנג ניט דערקענט,
ווען כ׳בין אף די טרעפּ נאָך,
פון יענער זײַט ווענט.

## טאָג און נאכט

שטייט מײַן טיר
ניט צוגעמאכט,
אף וועמען ווארט איך
טאָג און נאכט?

מעשוגענער, געשיקט זיך,
דו ווארטסט נאָך אף איר,
די שפּעטע ליבע
זאָל קומען צו דיר?

ווי גיט מען איר צו וויסן,
ווי גיט מען איר אָנצוהערן,
אז איך פארמאָג
א טשערעדע מיט טרערן,

א גאָלדענעם ווייטעק
טיף אין הארצן.
מײַנע קעלערס,
מײַנע היילן
ניט אָפּצושאצן.

דאָרט האָב איך א הימל
אָן א רעגנבויגן,
דאָרט האָב איך א פליגל
אָן א פויגל.

גאָט מײַנער,
וואָס שפּילסטו זיך מיט מיר?
עפּנסט
און פאַרמאַכסט מײַן טיר.

## קידער־ווידער

ער האָט געטײַנעט: די וואנט איז ווײַס!
זי האָט געטײַנעט: די וואנט איז שווארץ!
ער האָט אָפּגערוקט דאָס בענקל,
זי האָט אָפּגערוקט דאָס הארץ.

# מײַן דראַשעגעשאנק

טו אָן, מײַן ליבסטע,
הײַנט אפדערנאכט
דאָס שטערנטיכל,
וואָס כ׳האָב דיר געבראכט.

גיב מיר, מײַן טײַערע,
ווישניק א פלאש,
דערלאנג מיר דעם בעכער,
וואָס ליגט אין מײַן טאש.

דאָס שטערנטיכל —
מײַן דראַשעגעשאנק —
איז געלעגן פארשלאָסן
אין הילצערנעם שראנק.

ער איז געשטאנען אין אלקער,
ווו ס׳פלעגט בא זײַן לעבן
אין וועלט פון ראיוינעס
מײַן זיידעניו שוועבן.

באם טונקעלן פענצטער,
האלב ווי אין דרימל,
מײַן מאמע פלעגט זוכן
א שטערן אין הימל, —

מיטן כיין פון דעם טיכל
זײַנען בלוטיקע ווונדן,
ווײַ, בלוטיקע ווונדן,
פארקניפּט און פארבונדן...

טרינק איך פאר דיר הײַנט
דעם ווישניק פון בעכער
מיט ליפּן פארקווילטע,
ווי טרוקענע סעכערס.

טו זשע אָן, ליבסטע,
הײַנט אפדערנאכט
דאָס שטערנטיכל,
וואָס כ׳האָב דיר געבראכט.

# אף דער שוועל

איך שטיי א פארגליווערטער אף דער שוועל,
די פרעמדע טיר איז האלב צוגעמאכט.
עפעס פעלט מיר, כ׳האָב עפעס פארלוירן —
עמעצער הינטער מײַן פלייצע לאכט.

געוועזן די באלעבאָסטע שיין און מילד,
מאָלע־טאם דאָס קינד אף אירע קניִעס.
א קוועלעכל האָט געקלונגען אף זײַנע ליפּן,
שטערן האָבן געצוויטעט אף זײַנע וויִעס.

וואָס זשע שטיי איך א פארשעמטער?
קאלטער שווייס פון מיר רינט.
יאָ, כ׳האָב זיך דערמאָנט, דערמאָנט:
כ׳האָב פארגעסן א קוש טאָן דאָס קינד.

* * *

איך וויל זײַן א טרער בא דיר,
וואָס האָט נאָך ניט געוויינט,
א שמייכל בא דעם,
וואָס האָט נאָך ניט געשמייכלט...

* * *

וויפל זיסקייט אינעם ברויט,
ווען מיר עסן וועטשערע,
און וויפל זיסקייט אונטער דער הויט
פון אונדזער קאשע דער הרעטשענער.

א פויגל בעט א ברעקל זיך,
טשיריק־טשיריק־טשיריק!
די קאץ הייבט אָן באלעקן זיך,
דאָס הינדעלע — א פיק.

אזא מין האָניק אין דערין —
אין יעדן אונדזער שלונג,
וואָס מיר צעמאָלן אפן מילשטיין דין
און ניט מיט דער נארישער צונג.

* * *

וואָלט איך זײַן א רעבע —
א גאזלען מיט א טײַטל,
וואָלט איך לערנען מײַן בעניאָכיד
ניט נייען זיך קיין בײַטל.

ווײַל טאָמער וואקסט ער אויס
א יונג — א יונגערמאנטשיק,
זאָל ער גאָר פארגעסן,
אז ס׳איז דאָ א קאנטשיק.

זאָג זשע, ייִנגעלע, אלעף — אן אָדלער,
ווײַל אן אָדלער טוט הויך פליִען,
זאָג זשע, ייִנגעלע, בייס — א בוים,
ווײַל א בוים טוט פאר קיינעם
ניט קניִען.

ועסטו אויסוואקסן א שאָף,
האָב עס גוט אין זינען,
וועט מען שערן פון דיר וואָל
און הענטשקעלעך שפּינען.

וועסטו אויסוואקסן אן אָקס,
שײַטל האָלץ דו איינער,
וועט מען אָפּשינדן דײַן פעל
און אויסמאָקען די ביינער.

זאָג זשע, ייִנגעלע, אלעף — אַן אָדלער,
ווײַל אַן אָדלער טוט הויך פֿליִען.
זאָג זשע, ייִנגעלע, בייס — אַ בוים,
ווײַל אַ בוים טוט פֿאַר קיינעם
ניט קניִען.

# איינס אין זיקאָרן

געווען בין איך א פּאַשעטע פארגעבונג אריפּמעטישע.
א קינד האָט מיך געכעזשבנט אין א זומער־טאָג א קלאָרן.
האָבן כעוורע אים א רוף געטאָן — קום שפּילן זיך אין פּילקע.
פּונקט דעמלט, ווען געווען בין איך אָן איינס אין זײַן זיקאָרן.

האלט איך אין איין זוכן זיך און אויספרעגן בא קינדער:
לעמאַנאַשעם, צי ווייסט איר ניט, וואָס איז מיט מיר געוואָרן?
גוואלד, כ׳בין דאָך ניט צעכעזשבנט,
ווו נעמט מען זיך? קריגט מען זיך? איך דאַרף אים צום סאכאקל,
דעם איינס, וואָס איז פארבליבן בא דעם קינד אינעם זיקאָרן.

## א לידעלע

איך האָב א צוועקל,
דו האָסט א האמער,
דו האָסט א שטיוול,
איך האָב א פלעקל.

ווער זשע וועט שטערן אונדז —
טרײַלאַ־לײַ־לײַ,
פארנעמען מיר זאָלן זיך
מיט שוסטערײַ.

## ציגעניר־מיגעניר

ציגעניר־מיגעניר־גרוי
דערזען האָט א פורל מיט שטרוי,

אָקסן געשפּאַנטע ניט יאָגן,
פּאַמעלעך זיי שלעפּן דעם וואָגן,

קוים, וואָס א רעדל זיך דרייט.
גייט בא דעם וואָגן און גייט

ציגעניר־מיגעניר־גרוי
און ציפּעט א שטרוי נאָך א שטרוי.

## איך און מײַן קינד

איינמאָל זאָג איך:
— קינד, מײַן קינד,
וואָס וואָלסטו וועלן
פאַרמאָגן אצינד?

— טאַטעניו, — זאָגט ער
און הייבט מיך אָן גלעטן, —
פולע קעשענעס
מיט קאָנפעטן.

כאָטש ער איז נאָך קליין
און איך בין שוין גרויס,
שטעלט אײַך פאָר
און מאָלט אײַך אויס:

איינס און דאָס זעלבע
מיר ווילן אצינד,
איינס און דאָס זעלבע —
איך און מײַן קינד.

ביזוואַנען איך גיי
און איך שטיי אויף די פיס,
זאָל כאָטש אין קעשענע
זײַן עפּעס זיס.

אַן אַנדער מאָל זאָג איך:
— קינד, מײַן קינד,
וואָס וואָלסטו וועלן,
אשטייגער, אצינד?

— אצינד וואָלט איך וועלן
וויסן א וואָרט,
אַז ווי באָר מע זאָגט עס,
זאָל דאָ אַפּן אָרט

א פּײַקעלע פּויקן,
א פידעלע פידלען,
גאַנדז מיט גאַנדז
זאָל זיך אופהערן זידלען.

גערגעלע־גאָנער
זאָל באָרוועסערהייט
א טענצעלע כאַפּן
פון נאַכעס און פרייד.

מײַן קינד איז נאָך קליין,
און איך בין שוין גרויס.
שטעלט אײַך פאָר,
און מאָלט אײַך אויס:

איינס און דאָס זעלבע
מיר ווילן אצינד,
איינס און דאָס זעלבע
איך און מײַן קינד.

## ענטפער איך מײַן טאָכטער

לאנג שוין צײַט א קינד זאָל שלאָפן,
נאָר מײַן טאָכטערס אויגן אָפן.

— טאטע, — זאָגט זי, — טאטע ליבער,
וואָלסט געקענט א טײַך אריבער,
ווען דער טײַך איז שטארק א טיפער
אָן א בריק און אָן א שיפל?

אויב מע דארף צום ברעג דעם צווייטן,
איז א מוז א בריק צו שפרייטן?

ענטפער איך דער טאָכטער מײַנער:
— איך אליין, דער טאטע דײַנער,
אָן א בריק, דורך הונדערט פײַערס
בין אריבער, קינד מײַנס טײַערס.

שלאָגט מײַן טעכטערל מיך איבער:
— אויב א בארג מע דארף אריבער?
איז א מוז דער מענטש זאָל האָבן
ארום זיך א שטריק א גראָבן?

— ניין, מײַן טאָכטער, ניין, מײַן שטערן,
ס'איז מיר אויסגעקומען הערן,

ווי א גאנצער פּאָלק סאָלדאטן
איז אריבער די קארפּאטן

אָן א לייטער, אָן א שטריק,
אָן א צוים און אָן א בריק.

# מײַן אַלטער פּאַלאַץ

איינמאָל האָט מײַן פעטער,
דער גוטער װיצנמאַכער,
דער פרײלעכער שפּאַסער,
אָנגעהויבן גוואַלדעווען,
פון שווייס אַזש אַ נאַסער:
אוי, כאַפּט זי, אוי, העננט זי,
אוי, הארגעט און שלאָגט זי,
די גאַזלענטע די פליג —
די, וואָס האָט אומגעבראַכט
מײַן פּאַלאַץ, מײַן גליק.

אוי, ווו זײַנען די טורעמלעך,
די פייגל געמאָלטע
גרויסאַרטיקע...
די וואַסערן זיסע
פון מײַנע פאָנטאַנען.

האָט זיך די שטאָט
אַ לאָז געטאָן לויפן,
געשטופּט און געאַמפּערט,
גענישטערט, געטאַפּט,
און האָבן די פליג
מיט אַ ווענטקע געכאַפּט.
און האָבן מײַן פעטער

א פראגע געשטעלט:
געקענט האָט א פליג דען
א פּאלאץ צעברעכן?
א וווּנדער געצעלט
געווען איז מײַן פּאלאץ,
געבויט אין זיקאָרן.
איז אָט אָ־די גאזלענטע
געווירע געוואָרן,
און כ׳ווייס ניט פארוואָס,
איך ווייס ניט פארוואָס,
זי האָט זיך געזעצט מיר
אונטער דער נאָז —
האָב איך מיטן קאָפּ
א טרייסל געגעבן,
איז צעוואלגערט געוואָרן
מײַן פּאלאץ, מײַן לעבן —
מײַן פּאלאץ, באמאָלטער
מיט פייגל און שוואנען,
אנטרינען, פארפאלן.
אוי, מײַנע ליידיקע סעדער,
גאנעקלעך, טורעמלעך, זאלן,
ביטערע וואסער פון מײַנע פאָנטאנען.

## טויזנט מאָל שענער

די שטוב האָט פון יענער,
פון פאַר דער מילכאָמע,
זיך טויזנט מאָל שענער
און בעסער באַקומען.

אַ גראַמע, אַ פּריַיע,
געבאָוועט גרויסאַרטיק.
אַ שטוב אַ מעכיַיע,
אינגאַנצן שוין פאַרטיק.

געשניצט די לאָדן
מיט דריידלעך, מיט עקן,
ווי לעקעך מיט פלאָדן,
וואָס ליגט אַף די בעקן.

אַ צימער פאַר קליינע,
אַ צימער פאַר גרויסע,
ווי זאָגן די שכיינים,
די וועלט לאָזט זיך אויסעט.

אַ סעדל מיט פלוימען,
אַ ריטשקעלע רינט,
אַ האָן אַפן קוימען —
עס דרייט אים דער ווינט.

די שטוב האָט פון יענער,
פון פאר דער מילכאָמע,
זיך טויזנט מאָל שענער
און בעסער באקומען.

## געסט

איינמאָל האָט דער גרויער האָז
אויסגעבויט א שטוב אין גראָז,
און ווען אלץ געווען איז פארטיק,
האָט ער אופגעראמט גרויסארטיק,
אופגעראמט און אויסגעקערט
און א מעלדונג צוגעקלערט:
פייגל, כּיַעס, ליבע פריַינט,
ס'איז בא מיר א סודע היַינט, —
קומט מיך מיט מיַין שטוב באגריסן
און פון ריַיכן טיש געניסן.
אָנגעגרייט איז, קיין איַינהאָרע,
זיס געבעקס, א טאָפּ ציקאָריע,
הערינג, לעבערלעך און שליַיען
און א גאנצער פאס מיט יאיען.
זיַינען געסט שוין אָנגעפאָרן
אף פאיעטאָנעס מיט רעסאָרן.
אלע געסט צופרידן זיַינען
פונעם עסנווארג, פון וויַינען,
און דער האָז אזש שיַינט פון פרייד:
— עסט און טרינקט געזונטערהייט!
פּלוצעם רופט זיך אָן דער בער:
— קלעזמער, שפּילט אונדז אויס א שער!
און ער טופּעט אהין און אהער,
ווי עס טופּעט נאָר א בער.

און אין סאמע מיטן טאנצן
צעוואלגערט ער די שטוב איינגאנצן...
לאנג האָט נאָך דער האָז געטרויערט,
יאָרנוויַיז האָט ער באדויערט —
וואָס ניט געוווּסט ר׳האָט ביז אהער,
אז א בער איז פאָרט א בער.

# דער טכויר און דער פוקס

אונטערוועגנס
האָט א טכויר דעם פוקס באגעגנט.
— פאראנען, זאָגט ער, בעזער אלערליי:
בא איינעם איז זי קורץ און גראָב,
באם צווייטן — לענגער, דינער,
נאָר ווער איז נאָך אזא מין מאזיק צו די הינער,
ווי איך?
און פארוואָס?
ווײַל כ׳האָב א פרימעדיקע נאָז!
א נעזל — אן אנטיקל!
דו הערסט?
א הינדעלע דערשמעק איך פאר א ווערסט!
אָט, קום אומיסטן, לאָמיר גיין,
ועסטו שוין זען אליין.

געדויערט עס ניט לאנג,
זיי קומען ווו מע׳ דארף;
שטייט טאקע א הינדעלע
און פיקט זיך פראָסע.

דאָס פיקסל האָט א קוק געגעבן קאָסע,
ווי איינער רעדט:
דאָס הינדעלע איז טאקע פײַן, גאנץ פעט,
כ׳פארגין אוואדע ניט דעם טכויר אזא מין ביסן,

נאָר פריִער דאַרף מען זיך דערוויסן,
צי שמעקט דערינען ניט קיין שפּיצל, קיין
געפאר,
צי וויל דאָ עמעצער ניט שטעלן מיך צום נאר?..
און איידער וואָס און ווען,
און איידער זיך געכאַפּט —
האָט א קאַפּקאָן דעם טכויר געטאָן א פּאַק
און אָפּן אָרט, גלײַך ווי מיט צוועקעס,
צוגעקלאַפּט.

— הײַנט זעסטו שוין, מײַן ליבער פרײַנט, —
רופט אָן דער פוקס זיך צו דעם טכויר, —
וואָס שײַעך נאָז, ביסטו געוועזן גערעכט:
א נאָז א גוטע איז טאַקע גאָרניט שלעכט,
נאָר צו דערצו, ווען דו וואָלסט סײכל אויך
געהאַט,
זאָל מיר דאָס צוקומען, וואָס דיר וואָלט עס
געשאַדט.

# גרינע, געלע, רויטע

ווען אָנגעטאָן מע האָט ענעקן
שטיוועלעך א פּאָר
און ארויסגעלאָזט א קוק טאָן,
ווי די וועלט איז קלאָר,

האָט א ביימל מיט א ביימל
פון דערפון גערעדט:

— אך, סארא שטיוועלעך,
שיין און צו דער מאָס,
פונקט מע וואָלט זיי אופגעגנייט
פונעם גרינסטן גראָז.

די קוואָטשקע האָט צעקוואָקעט זיך,
די ציפּקעלעך געזאָגט:
— סארא געלע שטיוועלעך
ענעק־בענעק טראָגט!

און אינמיצקעדרינען
צעקרייט האָט זיך דער האָן:
— סארא רויטע שטיוועלעך
מע האָט דעם באָכער אָנגעטאָן!

## פון הוידו ביז קוש

ווען איך זאָל הײַנט ווערן
דער קיניג פון הוידו ביז קוש,
וואָלט איך א ביימל מיט פײַגן
פארפלאנצט אפן טיש.

געווען וואָלט בא מיר
א מיניסטער פאמעראנץ,
דער שייני־לעמיילעך —
א טעפל מיט שמאלץ.

געקויפט כ'וואָלט דער מאמען
פון גאָלד און פון זילבער א שפילקע,
און אליין וואָלט איך שפילן אין פאלאץ
מיט יאנקעלע פארך אין פילקע.

# דאָס גלעקל

דעם אָקס האָט מען אָנגעטאָן
אפֿן האלדז א גלעקל,
די גרייס ווי א ניסל,
א גאָרניט, א ברעקל.

און מע וואָלט פֿון דעם רעדן
אפּילע ניט דארפֿן,
ווען עס נעמט ניט דאָס גלעקל
דאָס צינגעלע שארפֿן:
טילי־טילי־דאָן! טילי־טילי־דאָן!
סאָראַ שטים בא מיר פֿאראַן!

ניט אומזיסט
האָט מען נעכטן געוואָלט
באצאָלן פֿאר מיר
א זעקל מיט גאָלד!
וואָס זאָג איך א זעקל!
א פֿעסל — און עפּשער נאָך מיין!...

נאָר ס׳הייבט גאָר ניט אָנעט
דאָס גלעקל פֿארשטיין,
אז ווען עס זאָל ניט הענגען
באם אָקס אפֿן קארק,
קאָסט עס א זעקסער
אפֿן טײַערסטן מארק.

## זיסל מיטן פיסל

— דווירעלע־לעבן, —
זאָגט מײַן שכיינע, —
כ׳זאָל אזוי נאָך
הייסן קריינע,

דינגט א פורל
טייקעף, באלד,
ברענגט א דאָקטער
כאָטש מיט גוואלד.

אָדער פאָלגט
א מענטש א נאר,
קויפט א פלעשל
שפּיגינאר,

ווײַל איך זע,
אז אײַער זיסל
הינקט הײַנט אונטער
אף א פיסל.

— דווירע־לעבן, —
זאָגט מײַן שאָכן, —
כ׳זאָל אזוי
נאָך הייסן נאָכעם,

דינגט א פורל
טייקעף, באלד,
ברענגט א דאָקטער
כאָטש מיט גוואלד.

אָדער פאָלגט
א מענטש א נאר,
רופט דעם היגן
וועטערינאר,

ווײַל איך זע,
אז אײַער זיסל
הינקט הײַנט אונטער
אף א פיסל.

— דווירע־לעבן, —
זאָגט דער שוסטער,
אונדזער כאָכעם
דער באוווסטער, —

אוי, א ווייטעק,
אוי, א בראָך,
כ׳האָב געלאָזט
אין שוך א צוויאָך.

1965

## טילי־טילי־דזין

ביזוואנען מיר האָבן
זיך אַלע איניינעם
געלערנט צוביסלעך
אי שרײַבן, אי לייענען,

געקלונגען דאָס גלעקל
האָט אַלע קאַיאָר,
אַ טאָג נאָך אַ טאָג,
און אַ יאָר נאָך אַ יאָר:

טילי־טילי־דזין,
טילי־טילי־דזין.

ביזוואנען מיר האָבן
געלערנט זיך ציילן,
אַף צענערלעך קאָנען
אַ הונדערטער טיילן,

געקלונגען דאָס גלעקל
האָט אַלע קאַיאָר,
אַ טאָג נאָך אַ טאָג,
און אַ יאָר נאָך אַ יאָר.

טילי־טילי־דזין,
טילי־טילי־דזין.

פון זונטיק צו זונטיק —
אזוי אלעמאָל,
ביזוואנען מיר האָבן
געענדיקט די שול.

* * *

שלאָף, מײַן ייִנגעלע, שלאָף, מײַן כּײַעס,
שלאָף אײַן אין דײַן בעטל דײַן קלאָרן,
אינגיכן וועט קומען אַף א באָקסער
א כאָלעם א זיסער צו פאָרן.

וועט ער אונדז ברענגען פון לאָקשן א קרוין
און א רינג פון א קאָרענעם טייגל,
געפּרעגלטן שניי און געזײַערטן ווינט,
דעם רייעך פון א קניש און די לאָך פון א בייגל.

שלאָף, מײַן ייִנגעלע, שלאָף, מײַן כּײַעס,
מאך צו דײַנע קלאָרע אויגן,
ער האָט ניט ליב, אז מע זאָל אַף אים קוקן,
דער נישט־געשטויגן און נישט־געפלויגן.

* * *

ווער מיר שניי
און וואָס מיר זליווע,
ווער מיר היץ
און וואָס מיר קעלט —
איַי, ווי גוט איז,
איַי, ווי גוט איז,
טאקע לעבן
אף דער וועלט.

גייט א שניי
צי גייט א רעגן,
איז א היץ
צי ס׳איז א קעלט —
איַי, ווי גוט איז,
איַי, ווי גוט איז
טאקע לעבן
אף דער וועלט.

## אויסגעקריצט אף
## א מאציייווע

געבוירן איז ער
א פּאַרטיקער זאַקן,
מיט טיפע קאַלאַשן,
מיט וואָלענע זאָקן.

זליוועס און רעגנס
אים האָבן געבאָדן,
געפירט האָבן ווינטן
מיט אים קאַראַהאָדן.

פונקט צו די פופציק —
אָנגעהויבן גיין,
פונקט צו די זעכציק —
געביטן די ציין.

און דאָ ניט לאַנג,
שוין ריין פון זינד,
געשטאָרבן איז ער
ווי א פּיצעלע קינד.

# אַ לויב צו דיר, לעבן

פאַר דעם שוין אַליין
אַ לויב צו דיר, לעבן,
וואָס דו האָסט אַ העמד
ניט פאַרגעסן מיר געבן,

און טאָמער איך פלעג עס
צעפליקן, צעשינדן,
איז נאָר צוליב יענעמס
אַ וווּנד צו פֿאַרבינדן.

1965

## א י נ ה א ל ט



## די ערד איז שיין

## די אויגן פון בוים

## דעם פידעלעס נעשאָמע

## ווידער פארליבט

אין דער אויספאָרמירונג פונעם בוך
האָט דער קינסטלער אויסגענוצט איינ־
קע געמעלן פון שיקע דריז.

שיקע דריז

**הארבסט**

מ., „סאָוועטסקי פּיסאַטעל״, 1978, 240 זײַטן
ארויסלאָז־פּלאַן פון 1978 י. נומ. 304
קינסטלער ש. ווערכאָווסקי
רעדאקטאָר א. גאָנטאר
קינסטלערישער רעדאקטאָר ד. מוכין
טעכנישער רעדאקטאָר אי. מינסקאיא
קאָרעקטאָרן א. סטרעלניק, כ. פּאָטאשניק

אינפאָרמאציע־ביולעטען נומ. 473

אָפּגעגעבן אין זאץ 06.03.78. אונטערגעשריבן צום דרוק 14.08.78. פאָרמאט $70\times90^1/_{32}$. טיפּאָגראפיש פּאפּיר נומ. 1. הויכדרוק. באַדינגלעכע דרוקבויגן 8,78. פארלעגערישע דיסקאָנט־בויגן 6,21. טיראַזש 1500 עקז. באשטעלונג נומ. 218. פּרײַז 75 קאָפּ. פארלאג „סאָוועטסקי פּיסאטעל״. מאָסקווע 69־Г, וואָראָווסקי־גאס, הויז נומ. 11. באלוינטע מיטן אָרדען פון דער רויטער ארבעטס־פאָן מאָסקווער טיפּאָגראפיע נומ. 7 „איסקרא רעוואָליוציִי״ פונעם „סאָיוזפּאָליגראפפּראָם״ באַם מעלוכישן קאָמיטעט פונעם מיניסטאָרן־ראט פון פססר איבער די איניאַנים פונעם פארלאג־וועזן, פּאָליגראפיע און בוך־האנדל. מאָסקווע 19־Г, אקסאקאָוו־געסל, הויז נומ. 13.

*При оформлении книги художник использовал некоторые рисунки О. Д р и з а.*

*Овсей Овсеевич Дриз*

ОСЕНЬ

*(на еврейском языке)*

М. «Советский писатель», 1978 стр. 240.
План выпуска 1978 г. № 304.
Художник С. С. В е р х о в с к и й.
Редактор А. Ю. Г о н т а р ь.
Худож. редактор Д. С. М у х и н.
Техн. редактор И. М. М и н с к а я.
Корректоры А. Б. С т р е л ь н и к,
Е. Х. П о т а ш н и к

ИБ № 473

Сдано в набор 06.03.78. Подписано к печати 14.08.78. Формат 70×90 1/32. Бумага тип. № 1. Высокая печать. Усл. печ. 8,78. Уч.-изд. л. 6,21. Тираж 1500 экз. Заказ № 218. Цена 75 коп. Издательство «Советский писатель», Москва Г-69, ул. Воровского, 11. Ордена Трудового Красного Знамени Московская типография № 7 «Искра революции» «Союзполиграфпрома» при Государственном Комитете Совета Министров СССР по делам издательств, полиграфии и книжной торговли. Москва, Г-19, пер. Аксакова, 13.